דוד פינסקי

# א פרעמדע נשמה
## און אנדערע דערציילונגען



ארויסגעגעבן דורך
„דוד פינסקי ביכער אינקארפארירט"

1

דאָס איז געווען איינער, וועלכער איז געבאָרן געוואָרן אַ זייער פֿרייער מענטש צו זיין, פּיליכט גאָר אַ קינסטלער, אָבער דאָס לעבן האָט אים געמאַכט פֿאַר אַן אַרבעטער.

זיין נשמה האָט געלעכצט נאָך שיינקייט, און ער האָט געליבט די בלויקייט פֿון דעם הימל און דאָס גרין פֿון די פֿעלדער. דער וועג צום חדר איז געווען קורץ, דער וועג צום וואַלד זייער לאַנג, און ער האָט אָפּט אויסגעקליבן דעם זייער לאַנגן וועג. דאָרטן, אין וואַלד, האָט ער געקאָנט אַרומגיין שעהן־לאַנג אָן אַן אָפּשטעל, און אין אים האָט עס געזונגען — שטיל, שטיל, ווייל זיין אויער איז געווען אָנגעשטרענגט צו כאַפּן אַלע די פֿילע טענער, וועלכע האָבן זיך געטראָגן צווישן די ביימער אויבן און אין דעם גראָז אונטן, און מיט זיין שטילן זינגען האָט ער בלויז אַקאָמפּאַנירט.

אָדער ער האָט זיך געקאָנט אַוועקלייגן אויפֿן רוקן ביים זוים פֿון וואַלד, אָדער טיף אין וואַלד אויף דעם גרויסן אויסגעהאַקטן פּלאַץ, און קוקן אַרויף צום בלויען הימל — קוקן, צוהערן זיך און שטיל אין זיך זינגען, שטונדנלאַנג, שטונדנלאַנג. צייטנווייז פֿלעגט ער אַריינרוקן די האַנט אין קעשענע און אָפּברעקלען אַ שטיקל פֿון דעם ברויט, וואָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן אין חדר, און ליגן אין מויל, אָן אַ באַשטימטן ווילן עס

צו טאָן, אָן אַ באַשטימטן געדאַנק, נישט איבעררייסנדיק אין זיין שטילן געזאַנג, נישט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פון הימל.

אָפּטמאָל פלעגט ער בלייבן ביז אַ שטיק אין דער נאַכט. די פינסטערניש האָט אים נישט געשראָקן, ער האָט ליב געהאַט צו זען, ווי זי לאָזט זיך אַראָפּ. זיין אויג האָט נאָכגעפאָלגט אַלע ענ־דערונגען אין די פאַרבן פון דעם הימל, קיין איין איבערגאַנג האָט נישט געטאָרט פאַרלאָרן גיין פון אים. און אָט באַווייזן זיך די שטערן! דאָס זיינען געווען זיינע בעסטע חברים. אויף דעם רוקן איז ער געלעגן און האָט געקוקט אויף זיי, געציילט זיי, סימנים געמאַכט זיך, אויף צו דערקענען זיי, דורכגערעדט זיך מיט זיי, באַפריינדעט זיך. די וואָלקנס, די גרויסע און קליינע, וועלכע האָבן אַרומגעשפּאַצירט איבער דער בלויקייט פון דעם הימל, האָבן אים נישט געשטערט: דעמאָלט האָט ער געשפּילט מיט זיינע שטערן אין באַהעלטעניש.

ביז אַ פרעמדער ווינט האָט אים באַרירט אָדער אַ פרעמדער קלאַנג האָט דערגרייכט צו אים. דעמאָלט פלעגט ער זיך דערמאָ־נען אויף דער וועלט הינטער דעם וואַלד און אויף זיין היים, און אַז אין דער היים מוז מען אים זוכן. פלעגט ער אויפשטיין — לאַנגזאַם, גאַנץ לאַנגזאַם — און גיין צוריק אין שטאָט.

איינמאָל איז ער געבליבן אין דרויסן די גאַנצע נאַכט, ווייל ער האָט געוואָלט זען, ווי די הימל־פאַרבן גייען איבער פון דעם ביינאַכטיקן טונקל־בלוי אין דאָס טאָגיקע העל־בלוי. און ווי די שטערן פאַרשווינדן, האָט ער געוואָלט זען, און ער האָט געוואָלט וויסן, ווי עס שלאָפט דער וואַלד און ווי ער וואַכט אויף אין דער פרי. ער איז די גאַנצע צייט אויפגעווען. די אויגן האָבן זיך אים געקלעפּט, און ער האָט זיך געראַנגלט מיטן שלאָף. ער איז אויפ־געשפּרונגען און דורכגעלאָפן זיך יעדע ווייל, ווען דער שלאָף האָט געהאַלטן אין זיגן איבער אים. און אין דער פרי איז ער אַוועק אַהיים אַ גליקלעכער און צופרידענער. ער האָט געטראַכט מער פון דעם, וואָס ער האָט געזען און געהערט די נאַכט, ווי פון דעם, וואָס עס וואַרט אויף אים אין דער היים.

דידאָזיקע נאַכט איז זיין שיקזאַל געווען. די עלטערן האָבן זיך פון אים מיאש געווען. „דו ווילסט נישט גיין אין חדר, טאָ גיי צו אַלדי שוואַרצע יאָר און ווער אַ בעל־מלאכה!"

און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שוואַרצע יאָר. דער טאַטע האָט אָנגעזאָגט דעם באַלעבאָס, אַז אַ קליפּה זיצט עפּעס אין דעם יינגל: עס ציט אים צום וואַלד! ער, דער באַלעבאָס, זאָל זען אַרויסשלאָגן פון אים די קליפּה. דער באַלעבאָס האָט געזאָגט מיט אַ הארטן טאָן: „נישקשה, ביי מיר וועט ער שוין זיצן. נישט לויפינקען אין וואַלד..."

פון דעמאָלט אָן האָט ער דעם וואַלד זעלטן געזען, נאָר אַ שבת אָדער אַ יום־טוב. ער האָט געבענקט נאָך אים, נאָך דעם מאָדנעם גערויש אין אים, וועלכער איז, דוכט זיך, שטילער, ווי די שטילסטע שטילקייט. און ער האָט געבענקט נאָך די שטערן, אין שטאָט האָט ער זיי גאָרנישט דערקענט. זיי זיינען געווען ווי איינגעענגט.

אויך אים איז נישט געווען צו דערקענען. ער איז ווי קלע־נער, ווי איינגעצויגן געוואָרן. אַ טיפער טרויער איז געלעגן אין זיינע אויגן, און זעלטן האָט ער געשמייכלט. זיין שמייכל אָבער איז געווען דער שמייכל פון אַ ליידנדיקן מענטש.

די יאָרן האָבן זיך געמערט. פאַר דער צייט האָט ער דעם וואַלד נישט פאַרגעסן, אָבער ער האָט זיך פון אים דערווייטערט. ער האָט אפילו גאָר אינגאַנצן אויפגעהערט צו גיין צו אים. עס איז געווען, ווי ער וואָלט דאָרט עפּעס פאַרלאָרן, וואָס ער וועט שוין מער קיינמאָל נישט געפינען, און עס איז אים זייער שווער געווען אויפן הארצן. ווי אַ בן מלך איז ער געווען, וועלכער איז אין זיין קינדהייט אוועקגערויבט געוואָרן פון דעם פּאַלאַץ פון זיינע קעניגלעכע עלטערן און דערצויגן געוואָרן אין אַ פינסטערן שטיבל פון עלנט און נויט, און טראָגט אין זיך אַרום דאָס ווייַ־טע, קוים קענטיקע בילד פון דער פאַרלאָרענער פּראַכט. זיין נשמה איז פאַרנעפּלט געוואָרן. זי האָט געטראָגן אין זיך אַ גרויסע

באליידיקונג. ער האָט אויסגעמיטן מענטשן, ער איז געוואַקסן אָן חברים און אויסגעוואַקסן אַ גרויסער שווייגער.

און אַזוי איז ער געשטעמפּלט געוואָרן פון אַלעמען: דער שווייגער. מיכל דער שווייגער.

## 2

דאָך איינער, וועלכער האָט געזוכט קעמפער, האָט אָפּגע־שטעלט זיין בליק אויף אים. ער איז געפעלן געוואָרן מיט דעם טיפן אויסדרוק פון זיינע אויגן. ער האָט זיך גענומען צו אים, גערעדט צו אים, געגעבן אים ביכער צו לייענען און פאַנאַנדער־געוויקלט פאַר אים אַ בילד פון קאַמף און זיג.

און איינמאָל האָט דער שווייגער אַ זאָג געטאָן, גאַנץ רויט ווערנדיק:

,,איך וואָלט אויך געוואָלט...''

ער האָט נישט דערזאָגט. אָבער יענער האָט אים פאַרשטאַ־נען און אויף דעם נאָר געוואַרט.

צו דער מיידל, וועלכע ער האָט פאַרבאָרגענערהייט געליבט, האָט מיכל אין יענעם אָוונט געזאָגט:

,,היינט האָב איך באַשלאָסן אָנצוהויבן אַ ניי לעבן.''

,,איר וועט אָנהויבן מער צו רעדן?''

,,ניין: צו טאָן.''

דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געהאַט צו טאָן, איז געווען פאַר־נאַנדערצו־וואַרפן פּראָקלאַמאַציעס.

ווען מען האָט געוואָלט ביי אים אויסגעפינען, ווי ער וועט זיך האַלטן, ווען מען זאָל אים כאַפּן, האָט ער נאָר אויפגעהויבן די אויגן אויף דעם פרעגער, און יענער האָט געוווּנען אין זיי די גרעסטע זיכערקייט פאַר זיך און פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

ער האָט אָנגעטאָן אַ לאַנגן מאַנטל מיט גרויסע, טיפע קעשענעס און רואיק אַריינגעלייגט אין זיי די פאַרבאָטענע פּראָקלאַמאַציעס. זיין געזיכטס־אויסדרוק האָט זיך אויף אַ האָר נישט געביטן. וואָס ער האָט ווירקלעך געפילט, איז געבליבן אַ סוד.

און אין אָוונט איז ער געקומען צו זיין מיידל. געלאַסן, רואיק, ווי געוויינלעך. ער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און שווייגנדיק נאָכגעקוקט די שוועבנדיקע און פאַרשווינדנדיקע רויךבייגעלעך.

זי האָט געוואַרט, אַז ער וועט איר דערציילן פון די דערפאַרונגען פון דעם טאָג. און אַז זי האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן, האָט זי געפרעגט:

„נו?”

ער האָט געשוויגן.

„ווי איז עס צוגעגאַנגען?”

„גלאַטיק.”

„האָט איר מורא געהאַט?”

„שטאַרק.”

„גאָר אַזוי!”

ער האָט געדרויכערט און געוווּנדערט זיך, פאַרוואָס זי וווּנדערט זיך, אָבער ער האָט זי נישט געפרעגט. ער האָט עס געוואָלט אַליין פאַרשטיין. נאָך אַ קליינעם שווייגן האָט זי אַרויסגערעדט, אַביסל פאַרלעגן:

„איר האָט אייך מסתמא נישט געשראָקן פאַר דעם, וואָס מען וועט אייך האַלטן פאַרשפּאַרט אַליין? איר ליבט דאָך אַליין זיין.”

ער האָט אויף איר אַ טיפן קוק געגעבן און איז רויט געוואָרן. ער האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז זי וואָלט אים געפעלט, אָבער ער האָט בלויז געזאָגט:

„איך וויל בכלל נישט פאַרשפּאַרט זיין.”

ער האָט זי געליבט און באַהאַלטן זיינע געפילן. ער האָט מורא געהאַט פאַר איר. זי איז געווען צו לעבעדיק און צו באַוועגלעך פאַר אים. זיין נשמה וואָלט זיך אָן איר געריבן און גע-

שטויסן, ווי איינער אין א גערדיכטן עולם אויף א פיל באזוכטער גאס.

ער איז מיט איר איינמאל געוועזן אין וואלד. זי האט זיך צושפרונגען און צולאפן און צושריען און צוזונגען, און ער האט זיך געפילט שטארק פארלעגן, ווי ער וואלט זיך געשעמט פאר די קוים זיך באוועגנדיקע בוימער און פאר דער גרויסער שטילקייט. אינגיכן איז ער אוועק אליין אין וואלד, ער האט אים געוואלט איבערבעטן פאר דער רו־צושטערערין, וועלכע ער האט אים גע־בראכט. אבער זיינע אויגן האבן נאר זי געזען פאר זיך, ווי זי איז דא ארומגעלאפן און ארומגעשפרונגען, און זיינע אויערן זיינען פול געוועזן פון איר זינגען און שרייען, און ער האט געבענקט נאך איר אנוועזנהייט.

ער האט זי דאך געליבט פאר איר רירעוודיקייט און לעבע־דיקייט. עס האט אים געפרייט, וואס זי איז, ווי זי איז. ער האט זי באוואונדערט, ווי א קונסטווערק, אבער זיין ליבע האט אים גע־שראקן ווי עפעס אומנאטירלעכס. צו דער שווערער בענקעניש, וועלכע ער האט ארומגעטראגן אין זיין נשמה פון זיינע יינגלשע יארן אן, האט ער צוגעגעבן נאך א גרויסע בענקעניש און איז נאך שווייגנדיקער געווארן.

זי האט זיך פארגענומען פאנאנדערצושאקלען אים, צו מאכן אים רעדעוודיק. זי האט אנגעהויבן פון דער הארטער זייט. זי האט אים געזאגט, אום צו רייצן אים:

„אייער קאפ מוז זיין פוסט און אייער הארץ ליידיק. איר האט קיינעם נישט וואס צו זאגן, דערפאר שווייגט איר. א מענטש מיט א פולן קאפ און א פולן הארץ קאן דאך נישט שווייגן.״

זי האט גערעדט א סך אויף דעם נוסח, אבער עס האט נישט געהאלפן. ער איז געזעסן פארלייגט א פוס אויף א פוס, געררוי־כערט א פאפיראס נאך א פאפיראס, געהערט און געשוויגן. אפט האט זיך אויסגעדוכט, אז ער הערט אפילו נישט. אבער ער האט געהערט יעדעס ווארט און אויפן הארצן איז אים געוועזן שווער, אירע ווערטער האבן אים באליידיקט, און ער האט געטראכט, ווי

אומגערעכט זי איז, פאַרוואָס פילט זי נישט, ווי פול זיין נשמה איז?

דער אויסדרוק פון זיינע אויגן איז געוואָרן האַרט, און ער האָט פעסט געדריקט די ציינער אין מויל.

זי האָט באַמערקט די ענדערונג אין זיין געזיכט און אָנגע־הויבן גלייך פון דער ווייכער זייט.

„איר האָט דאָך אַ נשמה. איך ווייס דאָך, איר האָט אַפילו אַ פילנדיקע נשמה. האָט איר גאָר קיינמאָל נישט קיין באַדער־פעניש אַרויסצוגעבן עמעצן, וואָס עס טוט זיך אין אייער נשמה?"

„וואָס עס טוט זיך אין אַ נשמה, קאָן געפילט ווערן," האָט ער אַרויסגערעדט.

„פילט איר, וואָס עס טוט זיך אין אַ פרעמדער נשמה?"

זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און שאַרף זיך איינגעקוקט אין אים.

און ער האָט איצטער געפילט, אַז וואָס ער האָט פריער גע־זאָגט, איז נישט אמת. אַז דאָס איז געווען בלויז זיין פאַרלאַנג, זי זאָל דערקענען, וואָס זיין נשמה לעבט איבער. ער האָט איר געקוקט אין די אויגן און געפרעגט זיך, פאַרוואָס זעט זי נישט, אַז ער ליבט זי, אָבער ער האָט נישט געוווּסט, וואָס אירע אויגן זאָגן אים. לאַכט זי פון אים? באַדויערט זי אים? וואָס טוט זיך הינטער דעם שיינעם ווייסן שטערן? וואָס שטראַלט אַרויס פון די גרויסע, ברוינע אויגן? וואָס קלאַפּט פאַר אים אין דעם שטאָלצן האַרץ?

און דאָך האָט ער נישט געקאָנט איינשטימען מיט אירע ווערטער, ווען זי האָט געזאָגט:

„אַ פרעמדע נשמה איז אַ טיפער, טונקעלער אָפּגרונט, נאָר אונזער צונג העלט אים אַביסל אויף. דעם שווייגערס נשמה אָבער איז אַן אייביקע פינסטערניש."

ער האָט געטראַכט, אַז דאָס רייצט זי זיך מיט אים. איז דען זיין נשמה אַזאַ פינסטערניש? ווייס זי דען נישט, וואָס פאַר

א מענטש ער איז? און העלט דען אונזער צונג אויף דעם פינ־סטערן אָפּגרונט פון אונזער נשמה? העכסטנס טוען עס אונזערע מעשים, און די אויך נישט שטענדיק. ניין, א נשמה מוז ד אָ ך געפילט ווערן.

ער האָט זי געפרעגט:

„קענט איר מיך דען נישט?"

נאָך א שנעלן, קורצן בליק אין זיינע אויגן, האָט זי גע־ענטפערט:

„ווי דעם טיפן ברונעם, פון וועלכן מיר שעפּן וואסער. איך וויים באשטימט, אז איך קאָן פון אים קריגן א קילן, דערפרישנ־דיקן טרונק, אָבער זיין טונקעלע, שווייגנדיקע טיפקייט שרעקט מיך."

עס איז אים געפעלן געוואָרן דער משל, און ער האָט מער גאָרנישט געזאָגט. ער האָט געטראכט, אז דאָך וויים זי בא־שטימט, אז זי „קאָן פון אים קריגן א קילן, דערפרישנדיקן טרונק", און דאָס האָט זיך ווי א ווארעמקייט געגאָסן איבער אים. אָבער דאָך איז ער זייער טרויעריק געוואָרן.

אָן פיל ווערטער, שווייגנדיקערהייט, האָט ער זיך דאָך אַרויפגעאַרבעט צו אַ פירנדיקער ראָלע אין זיין אָרגאַניזאַציע, און אין איין אָוונט האָט מען אים אַרעסטירט. מען האָט ביי אים גאָרנישט געפונען, און ער האָט זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי קומט מען איבערהויפּט צו אַרעסטירן אים, דעם אַזוי פאָרזיכטיקן. ער האָט נישט באַמערקט, אַז „שפּיקעס'' זאָלן אים נאָכגיין. ער איז געווען זיכער, אַז מען האָט אים אַרויסגעגעבן. ווער?

פאַרן אַרויסלאָזן אים, נאָך צוויי טעג זיצן, האָט מען אים געבראַכט צום זשאַנדאַרמישן אָפיציר. ער האָט זיך גערעכנט אויף אַ שאַרפער אויספרעגונג. אָנשטאָט דעם האָט אים דער זשאַנדאַרמסקער אויפגענומען זייער פריינטלעך און געבעטן זעצן זיך, נישט אַראָפּנעמענדיק פון אים דעם דורכדרינגענדיקן קוק פון זיינע אינקוויזיטאָרישע אויגן. ערשט אויף דער צווייטער איינלאַדונג פון דעם זשאַנדאַרמישן אָפיציר, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן ברעג פון שטול, אויף וועלכן יענער האָט אים אָנגעוויזן.

דער אָפיציר האָט זיך נישט געאיילט אָנצוהויבן צו רעדן. ער האָט געשריבן אַ פּאַפּיר, דורכגערעדט זיך מיט די אַרומיקע זשאַנדאַרן, און פון צייט צו צייט אַ וואָרף געטאָן אויף מיכלען זיין אינקוויזיטאָרישן בליק, וועלכן ער האָט געזוכט אָפּצומילדערן מיט אַ גוטמוטיקן, אונטערמונטערנדיקן שמייכל.

מיכל האָט געדולדיק געוואַרט. ער איז איבערגעגאַנגען אין

לאָפּ עטלעכע ענטפערס, וועלכע ער האָט זיך פאַר די צוויי טעג צוזאַמענגעשטעלט, און געשטודירט די אַרומיקע געזיכטער. עס וועט צונויץ קומען. פּלוצלונג האָט ער דערזען פאַר זיך די האַנט פון דעם אָפיציר מיט אַן אָפענעם זילבערנעם פּאַרטסיגאַר, אין וועלכן עס זיינען געלעגן פּאַפּיראָסן, און דערהערט, ווי דער אָפיציר פרעגט אים, צי ער רויכערט. ער האָט נישט באַגריפן, וואָס יענער וויל פון אים. ער האָט אָנגעקוקט דעם אָפענעם פּאַרטסיגאַר און די פּאַפּיראָסן, ווי ער וואָלט עפּעס דערזען אַ זעלטענע זאַך, וועלכע ער האָט קיינמאָל אין לעבן נישט געזען.

דער אָפיציר האָט איבערגעחזרט נאָכאַמאָל: צי וויל ער נישט רויכערן? זאָל ער זיך נישט שעמען. ער קאָן זיך מכבד זיין.

מיכל האָט אַלץ געקוקט אויף דעם פּאַרטסיגאַר מיט די פּאַפּיראָסן, איז רויט געוואָרן, האָט אַ הייב געטאָן די האַנט און באַלד אַראָפּגעלאָזן זי צוריק. ער האָט אַפילו נישט געדאַנקט. ער האָט זיך נאָך שאַרפער איינגעקוקט אין דעם אָפיציר און געטראַכט: דער נאַר מיינט, ער וועט מיך אונטערקויפן!

דער אָפיציר האָט אַרויסגערעדט: „נעמט! נעמט!" אַרויסגעלייגט אַ פּאַפּיראָס פאַר מיכלען אויפן טיש, אַריינגעשטעקט אַן אַנדערן זיך אין מויל, פאַררויכערט, אויסגעלאָשן די שוועבעלע און דערביי געקוקט אויף מיכלען מיט זיין אינקוויזיטאָרישן בליק אונטער אַן אָנגערוקטן שטערן. ער איז קענטיק אומצופרידן געוואָרן.

ענדלעך האָט ער אָנגעהויבן צו רעדן, און אויף מיכלען האָט זיך אָנגעצויגן אַ גענזענע הויט פון זיינע רייד.

דער אָפיציר האָט אים אויפגעדעקט, אַז ער איז רעקאָמענדירט געוואָרן דער פּאָליציע אַלס איינער, וואָס קאָן איר גוט דינען. דער, וואָס האָט אים רעקאָמענדירט, קען אים זייער גוט און דענקט, אַז ער, דער שווייגער, קאָן זיין אַ גוטער שפּיאָן, ער פּאַסט זיך פאַר דעם, איז ווי געבאָרן פאַר דעם. דער אָפיציר האָט געלאַכט און געקוועטשט מיכלען דעם פוס איבערן קני.

מיכל האָט געהערט און פעסט געדריקט די ציינער. זיינע

אויגן האָבן אָנגענומען דעם הארטן אויסדרוק. ער האָט געקוקט אויף דעם אָפּיציר און צום ערשטן מאָל זיינען אריין מאָרד־געדאַנקען אין זיין קאָפּ. ער האָט געפילט, אז ער וואָלט איצט אָנגעכאַפּט דעם זשאַנדאַרם פאַרן האַלז און דערוואָרגן. ער האָט אויך עטלעכע מאָל אריבערגעטראָגן זיין בליק פון דעם אָפּיצירס פּנים אויף זיין גאָרגל, ווי ער וואָלט אויסגעקוקט דעם פּלאַץ, וועלכן ער וואָלט ארומגעכאַפּט מיט זיינע הענט, און דערביי האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי ער שטיקט און ווערגט אים.

און דער אָפּיציר האָט ווייטער גערעדט. עס שטייט אים, מיכלען, פאַר א גרויסע צוקונפט. ער וועט זיך באַדן אין געלט. אויב ער וויל, קאָן ער שוין קריגן א גוטן אויפגאַב.

מיכל האָט אים ווייניק געהערט. פון די מאָרד־געדאַנקען איז ער אריבער צו דער פראַגע, וועלכע איז אַזוי וויכטיק פאַר דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע: ווער? דער, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף אים, איז זיכער א צוגעהעריקער צו דער אָרגאַניזאַציע. ווער איז עס? ער האָט ארויסגערופן פאַר זיך די פאַרשיידנסטע געשטאַלטן און אויף קיינער זיך נישט געקאָנט אָפּשטעלן. דער מענטש, וועל־כער רעדט איצטער צו אים, וואָלט אים געקאָנט אויפקלערן אין דעם פּונקט. און אַז דער אָפּיציר האָט ביי אים געפרעגט: „נו, וואָס־זשע?“ האָט ער גאַנץ תמעוואַטע, געטריבן פון זיין אינ־ווייניקסטן פאַרלאַנג, אָפּגעענטפערט מיט א קעגנפראַגע:

„ווער האָט דאָס מיך רעקאָמענדירט?“

דער אָפּיציר האָט אים שאַרף אָנגעקוקט און ארויסגערעדט, ארויסלאָזנדיק א פולן מויל רויך פון פּאַפּיראָס: „אָבער ביזטו נישט קלוג!“ און שטרענג צוגעגעבן: „נו, זאָג, ווילסטו?“

מיכל האָט זיך ווי איינגעקאָרטשעט און ווידער האָט אים שטאַרק געצויגן צום זשאַנדאַרמס גאָרגל, און ער האָט קוים ארויסגעשטאַמלט:

„איך וועל עס מיר איבערלייגן. איך וועל ברענגען אַן ענט־פער.“

גלייך אָבער איז ער רויט געוואָרן, איז אויפגעשטאַנען און האָט פעסט ארויסגערעדט:

,,ניין!''

דער אָפיציר האָט געזאָגט מיט פאַראַכטונג:

,,נאַ, דו ווילסט האָבן אַ שלעכטן סוף? דו וועסט אים האָבן. מיר וועלן אויף דיר האָבן אַן אויג. ביי דער ערשטער ערנסטער זאַך וועסטו ווערן דאָס כּפּרה־הינדל. ביזט אַ נאַר. פאַרשטייסט דיין אייגענע טובה נישט. דו וואָלסט געלעבט אַ לעבן ווי אַ שררה. דו ווילסט בעסער מאַכן רעוואָלוציעס? נאַרישקייטן, ברודער! קיין רעוואָלוציעס מאַכט מען ביי אונז נישט. מיר האָבן אייך אַלעמען אין האַנט. מיר קענען אייך אַלעמען. מיר האָבן צווישן אייך גענוג שפּיאָנקעס, און שפּיאָנען וועסטו עס נישט ווערן, וועלן מיר קריגן אַן אַנדערן — צען אויף דיין אָרט. נישט אַלע זיינען דאָך אַזעלכע נאַראָנים. זע נאַר, וואָס פאַר אַ נאַר דו ביזט...''

און דער אָפיציר האָט אים ווידער אָנגעהויבן איבערצו־חזרן, ווי גוט עס וואָלט אים געווען, ווען ער וואָלט וועלן דינען דער פּאָליציי. מיכל איז געשטאַנען ווי אויף שפּילקעס, האָט אומגעדרייט זיין היטל אין די הענט, געדריקט די ציינער, געקוקט דעם אָפיציר אין מויל אריין און געוואַרט, יענער זאָל אויפהערן צו רעדן. אָבער דער אָפיציר האָט נאָך לאַנג גערעדט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסציען אים די עצמות.

ענדלעך האָט ער אים אָפּגעלאָזן. מיכל איז אַנטלאָפן אָן ,,אַ גוטן טאָג'' אַפילו, און דער אָפיציר האָט געזאָגט צו די אַרומיקע:

,,ווי מען קאָן אַמאָל אַ טעות האָבן אין אַ מענטשן. נ אַ־ ר י ש ע פ ר ו י ע נ צ י מ ע ר! דער איז אַ פאַרביסענער, גאַנץ געפערלעכער רעוואָלוציאָנער. מען וועט אים דאַרפן שנעל אומ־שעדלעך מאַכן.''

גאַנץ ווילד, אין הוילן אימפּעט, איז מיכל אַראָפּגעלאָפן די טרעפּ פון דער זשאַנדאַרמעריע. שנעלער, שנעלער! אַרויס פון דער פאַרפּעסטעטער לופט! אוף! זיין קאָפּ איז אים געווען פאַרשלאָגן, ער האָט זיך נישט געקאָנט צונויפנעמען מיט געדאַנקען. ער האָט שרעקלעך געשוויצט, ווי פון אַ הייסער שוויצבאָד. צוערשט האָט ער געפילט, אַז ער מוז לויפן, לויפן. ערגעץ־ווו ווייט פון מענטשן, ווייט פון דער שטאָט. אויסלופטערן זיך, פריי אויפאָטעמען. אָבער די פילע מענטשן, וועלכע ער האָט באַגעגנט, האָבן אים געשטערט. ער האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן זייערע בליקן, זייער גאַנטקייט, זייער גערויש. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער אָפּראַטעווען זיך פון זיי. און ווייל ער איז געווען גאָר נאָנט פון זיין היים, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט צו זיך אין צימער און פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ מידער אויף זיין בעטל, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די הענט און גענומען טראַכטן. איצט, אין דער איינזאַמקייט פון זיין צימער, וועט ער זיך בעסער קאָנען דערטראַכטן, ווי אין דעם אוממעגלעכן רוישיקן דרויסן.

ווער איז דער פאַררעטער?

איינער, וועלכער גיט זיך אויס, אַז ער קען אים גוט.

ווער קען אים גוט?

ער האָט אָנגעהויבן דורכצוגיין אַלע זיינע גוטע באַקאַנטע אין דער אָרגאַניזאַציע. ער האָט איבערגעוואָגן און איבערגע־

מאָסטן יעדן פון זיינע חברים. אפילו זיין לערער, און אפילו ז י, זיינען אים דורכגעלאָפן אין קאָפּ. עס האָט אים אַ שווידער גע־טאָן, און אויף אַ ווײַלע זיינען געבליבן שטיין אַלע זיינע געדאַנ־קען, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אין אים די דענק־קראַפט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און שווער אָפּגעאָטעמט.

אַ ווײַלע האָט ער ארומגעפירט מיט די אויגן איבעךן צי־מער, גאַנץ צומישט און פאַרלאָרן, און געדריקט מיט די ציינער, טיף ליידנדיק. דאַן האָט ער זיך איבערגעזעצט צום טיש, גענומען פּאַפּיר און בלייפעדער און אָנגעהויבן די שווערע אַרבעט פון אָנ־הויב. ער האָט אוועקגעשטעלט דעם ערשטן אות פון אַ נאָמען און גענומען אַרומטראַכטן דעם חבר, וועמעס נאָמען דאָס איז גע־ווען. איצטער האָט ער געקאָנט בעסער אַריינטראַכטן זיך. ער האָט געדריקט מיט דעם בלייפעדער דעם אות, גלייך ער וואָלט צו־געהאַלטן די פערזאָן און נישט געלאָזן זי אַנטלויפן פון זיין באַ־טראַכטונג. חבר נאָך חבר איז ער אַזוי דורכגעגאַנגען אין לאַנגע שווערע שטונדן. אָבער אויף קיינעם האָט ער זיך נישט געקאָנט אָפּשטעלן, קיינעם נישט געקאָנט חושד זיין. אויך דעם ערשטן אות פון לערערס נאָמען האָט ער אויפגעשריבן, אָבער ער האָט זיך גלייך פאַרשעמט און אויסגעמעקט אים. ער האָט אַ וואָרף גע־טאָן דעם בלייפעדער און איז אויפגעשטאַנען.

„פוי, אוממעגלעך!“

ער האָט ווידער אַ טראַכט געטאָן פון איר, פון דער מיידל, וועלכע ער האָט געליבט.

דאָס בלוט האָט אים אַריינגעזעצט אין געזיכט, און ער האָט אָנגעהויבן אומרואיק אַרומצוגיין איבערן צימער. שרעקלעך! דאָס באַווייזט, אַז ער ליבט זי נישט. ווען זיין האַרץ וואָלט פול געווען פון ליבע, וואָלט דאָרטן קיין פּלאַץ נישט געווען פאַרן קלענסטן אויפבליץ פון אַ חשד־געפיל. ווי אַזוי האָט ער דאָס געקאָנט? ווי אַזוי איז מעגלעך געווען דער קלענסטער פאַרדאַכט? און אומ־פירנדיק מיט די הענט אין די האָר, האָט ער געזוכט פאַר זיך אַן אַנטשולדיקונג. דאָס איז דערפאַר, וואָס זי געהערט אויך צו דער

אָרגאַניזאַציע, און ווייל ער האָט דורכגעטראַכט אַלע נעמען, האָט ער נישט־ווילנדיק געמוזט פאַרטשעפּען אויך איר נאָמען.

אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט וועגן אַ פרעמדער נשמה, וועלכע איז אַ טיפער, טונקעלער אָפּגרונט. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם געדאַנק. געוואָלט פאַרטרייבן אים פון זיך. נאָר חלילה נישט אָנווענדן די ווערטער אויף איר!

ער האָט אָנגעהויבן שנעלער אומצוגיין איבערן צימער און אומגעקערט זיך צוריק אין זיינע געדאַנקען צו פאַרשיידענע חברים און דער מעגלעכקייט פון זייער פאַרראַט און פּראָוואָקאַציע.

ענדלעך איז ער געבליבן שטיין פאַרן שפּיגל. צוערשט אומ־באַוווּסט, פאַרטאָן אין זיין זוכעניש און נאָכטראַכטעניש. אָבער אַ ווײַלע שפּעטער איז אים אַרויפגעקומען אויפן באַוווּסטזיין, אַז ער זעט עמיצן, און אַז דער עמיצער איז ער אַליין. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו באַטראַכטן, אַריינצוקוקן זיך אַליין אין די אויגן. וואָס זעט ער דאָרטן? דאָרטן, טיף, טיף, ווייט ערגעץ־ווו הינטער די אויגן? ווייל יענער, וועלכער שטייט קעגן אים, איז ער אַליין, ווייס ער נאַטירלעך, וואָס עס טוט זיך הינטער דעם שטערן, אָבער אויב דאָס וואָלט געווען אַן אַנדערער, וואָס וואָלט ער דאָרט אָפּ־געלייענט? „אַ פרעמדע נשמה איז אַ טיפער טונקעלער אָפּגרונט״. ווייס ער דען אַלע אירע געדאַנקען? ווייס ער דען איר האַרץ? ווייס ער דען, אויף וואָס זי איז פעאיק אָדער נישט? אָט קאָן זיין, אַז דער, וועלכן ער זעט אין שפּיגל, האָט אויך גאָר אַנדערע געדאַנ־קען, וועלכע ער קען נישט. ער האָט זיך שאַרפער איינגעקוקט אין זיין אָפּבילד, אָבער אים איז געוואָרן אַזוי מאָדנע שרעקעדיק, און אַ קרומער יסורים־שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף זיינע ליפּן. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו רייבן דעם שטערן.

„נאַריש! נאַריש! איך ליב זי דאָך! די בעסטע, די פיינסטע, די ערלעכסטע, די ערלעכסטע!...״

ער האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט, פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין די הענט און געבענקט נאָך איר. ער האָט געפילט מיט אַלע פיבערן אַז זי איז די איינציקע, די גרויסאַרטיקע, די ליבנסווירדיקסטע.

ער איז אוועק צו איר. ער האָט געפילט, אַז ער וועט איר נישט קאָנען קוקן גלייך אין די אויגן, ווייל ער האָט זי אין די גע־דאַנקען באַליידיקט. אָבער די בענקעניש איז געווען צו גרויס. און אויסער דעם האָט זי די ערשטע געמוזט וויסן פון זיין פריי־הייט און דעם געמיינעם אָנבאָט פון דעם פארפלוכטן זשאַנדאַרם.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט און די גאַסן זיינען געווען ליידיק. אָבער ער האָט זיך געגנבעט ווי אַ קאַץ און אַרומ־געקוקט זיך ביי יעדן פאַרדעכטיקן גערויש. ער האָט זיך געריכט, אַז די פּאָליציי האַלט אים אונטער אויפזיכט, און ער מוז זיין זייער פאָרזיכטיק.

זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט איבער אים. זי האָט עפּעס געפילט, אַז ער וועט קומען, האָט זי געזאָגט. דערפאַר האָט זי זיך נישט געלייגט שלאָפן. און זי האָט טיי און גוטע זאַכן. זי וועט מאַכן אַ סעודה און זאָל ער דערציילן פון די דערפאַרונגען פון זיין ערשטן אַרעסט.

זיין האַרץ האָט אים שטאַרק געקלאַפּט פאַר גרויסער ליבע, און ער האָט גערעדט שווער און זיין צונג האָט זיך געמישט. אָבער אַז ער האָט איר דערציילט פון דעם זשאַנדאַרמישן אָנבאָט, איז ער רויט געוואָרן און האָט נאָכמער געשטאַמלט. ווייל ערגעץ־ווו אין דער לינקער זייט פון זיין הינטער־קאָפּ איז אויפגעשווומען דער געדאַנק, אַז ער זאָל זיך גוט צוקוקן, ווי זי וועט אויפנעמען די מעשה.

זי האָט זיך צולאַכט: געטראָפן וועמען אויסצוקלייבן פאַר אַ שפּיאָן. דאָס מוז זיין עפּעס אַ גאַנץ מערקווירדיקער מענטשנ־קענער, יענער גוטער באַקאַנטער, וועלכער האָט אים רעקאָמענדירט דעם זשאַנדאַרמסקען, האַהאַהאַהאַהאַ!

איר לאַכן איז געווען איבערטריבן, טרוקן, אָבער זי האָט גלייך אָנגעקנייטשט דעם שטערן. ווער קאָן דאָס זיין יענער גוטער באַקאַנטער? מען מוז דורכגיין אַלעמען פון דער אָרגאַניזאַציע.

ער האָט איר דערציילט, אַז ער האָט עס שוין געטאָן און ווי ער האָט דאָס געטאָן: מיט פּאַפּיר און בלייפעדער און שאַרפן נאָכ־טראַכטן ביי יעדן ערשטן אות פון אַ נאָמען.

אָבער עס שטערט נישט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל איבערצו־טראַכטן, און זאַלבענאַנד איז נאַטירלעך בעסער. און טאַקע ווידער מיט פּאַפּיר און בלייפען.

„נאָר שרייבט אויס דעם פולן נאָמען,‟ האָט זי צוגעגעבן, „וועט זיין בעסער אריינצוטראַכטן זיך.‟

זיי האָבן פאַנאַנדערגעקליבן אַלעמען, אפילו דעם לערער און פירער, און זיינען נישט קליגער געוואָרן. נישטאָ וועמען צו חושד זיין און מען קאָן חושד זיין אַלעמען.

זי האָט אריינגענומען דאָס פּאַפּיר אין אירע הענט און אָנ־געשטרענגט זיך צו טראַכטן.

„זיינען מיר אַלעמען דורכגעגאַנגען? פעלט נאָך ווער?‟ האָט זי געפרעגט.

„איך און — איר,‟ האָט ער געענטפערט שטיל און פארלעגן.

זי האָט אויפגעלאַכט, אָבער גלייך זיך פארכאַפּט און שאַרף אים אָנגעקוקט.

„נו? איז וואָס־זשע דענקט איר וועגן מיר? האָט איר מיך אויך פריער מיט פּאַפּיר און בלייפען און שאַרפן נאָכטראַכטן?‟

„ניין.‟

„ווילט איר עס אפשר איצטער טאָן? אָט שרייבט ארויס מיין נאָמען...‟

א געבעט איז געלעגן אין זיינע אויגן, זי זאָל נישט רעדן. אָבער זי האָט דאָס געבעט נישט באמערקט אָדער נישט געוואָלט באמערקן.

„ניין, ווירקלעך, פארוואָס האָט איר דאָס ביי מיין נאָמען נישט געטאָן? טאָמער בין איך עס טאַקע?‟

ער האָט צוגעמאַכט די אויגן אין טיפן ליידן. זי האָט נישט דערענדיקט אירע ווערטער און געזאָגט מיט אביסל א ווייכערן טאָן:

„אויב איר האָט נאָר א טראַכט געטאָן וועגן מיר אין אייער חשד, האָט איר אויך געמעגט גוט ארומטראַכטן וועגן מיר.‟

ער האָט קוים ארויסגעשעפּטשעט:

„אנטשולדיקט.“

„ניין, איך וווּנדער זיך מער נישט, פאַרוואָס איר האָט עס נישט געטאָן.“

זי האָט געוווּסט, אַז ער האָט אַ באַזונדערע אורזאַך זי אַנ־דערש צו באַהאַנדלען, ווי אַלע אַנדערע. זי האָט אויך געוווּסט די אורזאַך. איצטער האָט זי געוואָלט הערן זי פון אים. זי איז צוגע־גאַנגען צו אים, האָט אַרויפגעלייגט אירע ביידע הענט אויף זיין קאָפּ און אַריבערגעבויגן אים אויף הינטן און שאַרף זיך איינגע־קוקט אין זיינע אויגן.

„פאַרוואָס?“

ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און איז שיער נישט פאַרגאַנ־גען פאַר גליקזעליקייט פון איר באַרירונג.

זי האָט אים געגלעט דעם קאָפּ, און דערנאָך צוגעדריקט זיך מיט איר באַק צו זיינער און אַריינגעשעפּטשעט אים אין אויער:

„איך וויל עס הערן.“

ער האָט זי אַרומגענומען און ליידנשאַפטלעך צוגעדריקט צו זיך.

אויף מאָרגן שפּעט אין אָונט איז בּיי איר געוועזן א הויזזוכונג. א גאַנץ ליכטע. פּאָליציי האָט פאַרבּראַכט קוים א פופצן מינוטן, איבערגעקוקט עטלעכע ביכער, צוגענומען עטלעכע פּאַפּירן, איר קיין איין פראַגע נישט געשטעלט און איז אַוועק.

דאָס איז געוועזן מיט א קנאַפּער שעה, איידער ער איז געקומען צו איר, פאָרזיכטיק דורכגנבענדיק זיך דורך די שוין שלאָפנדיקע גאַסן. זי האָט אים בּאַגעגנט מיט שרעק און טרערן: פּאָליציי האָט בּיי איר געפונען און צוגענומען דאָס פּאַפּיר מיט די נעמען פון די חברים, וועלכע זיי האָבן נעכטן אַזוי פלייסיק דורכשטודירט.

ער איז שיר נישט געפאַלן אין חלשות.

אין דעם גרויסן גליקס־געפיל פון דערוווידערטער ליבּע, האָט ער נעכטן פאַרגעסן צו פאַרניכטן דאָס פּאַפּיר מיט די נעמען. היינט אינדערפרי האָט ער זיך דערמאָנט אויף דאָס פּאַפּיר, אָבער ער האָט דאָך נישט געאיילט אריבּערצוכאַפּן זיך צו איר און פאַרניכטן עס. די פאָרזיכטיקייט האָט נישט דערלויבּט, ער זאָל גיין צו איר בּייטאָג. און ער איז געוועזן זיכער, אַז זי אַליין וועט דאָס פּאַפּיר פאַרניכטן. און ער האָט געקלערט, אַז עס האָט צייט בּיז ער וועט קומען צו איר.

איצטער, הייסט עס, איז די גאַנצע אָרגאַניזאַציע ארויסגעגעבּן געוואָרן. דורך בּיידנס שולד. דורך זיינע און אירע. ווי האָט זי געקאָנט אַזוי נישט פאָרזיכטיק זיין און האַלטן דאָס פּאַפּיר,

נישט פארניכטן עס? אָבער זיין שולד איז א פיל גרעסערע. א דאָפּלטע, א דרייפאכע. ער האָט נעכטן נישט געדארפט קומען צו איר. ער האָט געדארפט וויסן, אז מען וועט אים איצטער גוט נאָכשפּיאָנירן, וווּהין ער גייט און מיט וועמען ער זעט זיך. ווייל ער איז אזוי נישט קלוג און נישט פאָרזיכטיק געווען, האָט ער אריינגעבראַכט פּאָליציי צו איר אין שטוב. און ווי אזוי האָט ער נעכטן געקאָנט פארגעסן דאָס פּאַפּיר און נישט פארניכטן עס? און היינט האָט ער זיך נישט געטאָרט פארלאָזן אויף נסים — —

ער איז געזעסן גאַנץ נידערגעשלאָגן, פארניכטעט, לעבנס־לאָז. עס האָט אים פארדראָסן אויף דאָס גליק, וואָס האָט אים אזוי פארשיכורט. ער האָט זיך באשולדיקט אין פארראַט. ער וועט עס נישט איבערלעבן. ער האָט עס באשטימט געוווּסט: די אָרגאַ־ניזאַציע איז פארראַטן, און ער וועט עס נישט איבערלעבן.

אויך זי איז געזעסן א לענגערע צייט אָפּהענטיק, טרייסט־לאָז. דער קאָפּ אראָפּגעלאָזן, די הענט מאַכטלאָז אין שויס, דאָס געזיכט פארטערט און פארטרויערט. דערנאָך האָט זי אויפגע־הויבן אויף אים די אויגן, אָנגעקוקט אים מיט א שולדיקער מינע און אָנגעהויבן צו רעדן, ווי זי וואָלט געזוכט אנטשולדיקונג.

דאָס פּאַפּיר מיט די נעמען איז איר אינגאַנצן געוועזן ארויס פון זין. זי איז אזוי פול געוועזן פון די פארשיידנסטע געדאַנ־קען, אז זי האָט עס אבסאָלוט פארגעסן. ער קאָן זיך עס דאָך פאָרשטעלן. דאָס פּאַפּיר איז געלעגן אויפן טיש, ווו דאָס איז נעכטן געלעגן, נאָר אונטער א בוך. זי ווייס אפילו נישט, ווער האָט דאָס אין געדאַנקען ארויפגעלייגט דאָס בוך אויפן פּאַפּיר, צי ער, צי זי. און אזוי איז עס געלעגן דעם גאַנצן טאָג. אין לויף פון טאָג האָט זי עטלעכע מאָל געטראַכט וועגן די חברים און די פּראָוואָקאַטאָרן צווישן זיי, אָבער אויף דאָס פּאַפּיר האָט זי זיך נישט דערמאָנט. איז עס נישט מערקווירדיק? גאָר פון קאָפּ ארויס. און איצטער — — וואָס טוט מען? ווי לאָזט מען עס נאָר וויסן דער אָרגאַניזאַציע? עס איז דאָך אַזאַ בזיון!

„מען וועט עס מוזן," האָט ער קוים ארויסגערעדט.

זי האָט אויף זיך געריסן די האָר. פאַר בזיון וועט זי

שטאַרבן. זי וועט זיך אַ מעשׂה אָנטאָן. זי וועט פאַר קיינעם די אויגן נישט קאָנען באַווייזן.

און פּלוצלינג כאַפּט זי זיך. אייגנטלעך איז קיין סכנה נישט. קיין אַדרעסן זיינען דאָך נישט געווען. נאָר נעמען, אָן ערשטער נאָמען, אָדער אַ צונאָמען, און נאָר אַ פאַר פאַמיליעס. די מאַכן אויך נישט אויס. מאַלע אַ פאַמיליע. זילבערשטיין, צום ביישפּיל: ווייניק זילבערשטיינס אין שטאָט? און וואָס ווען זיי וויסן, אַז זיי ווען דאָרטן איבערלייענען מענדל, גרישאַ, רבקה, דער געלער, די קורצע? זי האָט אָנגעהויבן פרייען צו לאַכן. אַבסאָלוט קיין סכנה נישט. אַן אומזיסטער שרעק בלויז. אָך! איצטער קאָן זי פרייער אויפאָטעמען. ווי אַזוי איז עס איר בלויז פריער נישט איינגעפאַלן? וואָלט זי אים גאָר דערפון נישט דערציילט.

ער האָט זיך אָבער נישט געוואָלט בארואיקן. ער איז געווען בלייך, האָט זיך געביסן די ליפּן און שטאַרק נאָכגעטראַכט.

זי האָט זיך צוגערריקט צו אים, געגלעט און געקושט.

„באַרואיק זיך. עס איז ווירקלעך קיין סכנה נישט. זיי וועלן גאָרנישט דערגיין פון דעם פּאַפּיר.“

ענדלעך איז איר געלונגען. זי האָט אין אים אַריינגערעדט און אַריינגעקושט באַרואיקונג. ער האָט שווער אויפגעאָטעמט און אַרויסגערעדט:

„ווי מען דאַרף פאָרזיכטיק זיין!“

און פּלוצלונג האָט ער זיך געכאַפּט, פול שרעק און זאָרג:

„אָבער איצטער וועלן זיי זיך נעמען פאַר דיר! זיי וועלן וועלן אויסגעפינען פון דיר, וואָס פאַר אַ נעמען דאָס זיינען.“

זי האָט געלאַכט.

„וועלן זיי וועלן!“

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט דערשראָקענע אויגן.

זי האָט ווידער געלאַכט.

„האָסט מורא, איך וועל אַרויסגעבן?“

„ניין, אָבער זיי וועלן דיך צונעמען און —“

„וואָס קאָן דאָ מער זיין? איך בין שוין געזעסן.“

ער האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ. זי האָט אים געגלעט.

„ניין, איך האָב ווירקלעך דיר נישט געדאַרפט דערציילן. זיי דאָך נישט אַזוי פאַרלאָרן, דערווייל בין איך דאָך לעבן דיר. קום, ליב מיך. נעם מיך אַרום, קוש מיך. זאָג מיר, ווי דו ליבסט מיך."

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך, געקושט און געשעפּטשעט:
„זייער זייער זייער..."

„וויפל מאָל זייער?"

ער האָט קוים אַרויסגערעדט מיט פאַרכאַפּטן אָטעם:
„נישט איבערצוציילן."

זי האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ און געקוקט אים אין די אויגן. זיי דאָבן איר גערעדט פון אַ שטאַרקער, גרויסער ליבע, פון אַ ליבע, וועלכע איז זיין לעבן.

זי האָט אַרויפגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין פּלייצע און גערעדט:

מערקווירדיק, ווי צוויי מענטשן פאַרליבן זיך. אַט נישט געוווּסט גאָר איינס פון דעם אַנדערנס עקזיסטענץ, דערנאָך קוים באַקאַנטע און גאַנץ פרעמדע, אָנגעקוקט זיך איינס דאָס אַנדערע מיט גלייכגילטיקע בליקן. און פּלוצלינג — איין קערפּער, איין נשמה, אַ ציעניש צו דער גרעסטער נאָענטקייט, איינס פון דעם אַנדערן פיל. נישט מערקווירדיק? ווי ווערט עס? ווי אַזוי איז עס געוואָרן? זי פאַרקערט מיט אַזויפיל יונגעלייט, און ער — מיט אַ סך אַנדערע מיידלעך. און דאָך! ווי זיי וואָלטן עפּעס אָפּגעוואַרט איינס אויפן אַנדערן. ווי זיי וואָלטן געשטופּט געוואָרן איינס צום אַנדערן דורך פאַרשיידענע צופאַלן און אומשטענדן. אינטערעסאַנט, ווי וואָלט געווען, ווען זיי וואָלטן געהערט צו פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס אָדער גאָר צו פיינטלעכע לאַגערן? און ווי וואָלט געווען מיט זיין ליבע, ווען ער וואָלט אייערנעכטן באַשלאָסן ביי זיך, אַז זי איז אַ שפּיאָן?

ער האָט אויפגעשווידערט, אָבער זי האָט געדרונגען אין אים:
„טאַקע, ווי וואָלט געווען?"

ער האָט נישט געוואָלט רעדן דערפון. ער האָט איבערגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט און אַרויפגעדריקט אַ לאַנגן קוש

אויף אירע ליפּן. ווען זי איז געקומען צו אָטעם, האָט זי ווייטער געזאָגט:

„דו טראַכסט דאָך אַ סך, טאָ טראַכט זיך אריין. עס איז אינטערעסאַנט.“

ער האָט אַ שוידער געטאָן און ווידער געקושט זי. ניין, ער וועט דערפון נישט טראַכטן. און זי האָט געזאָגט:

„ווען איך בין אַ שרייבערין, וואָלט איך אָנגעשריבן אַ ראָמאַן, ווי אַ רעוואָלוציאָנער פאַרליבט זיך אין אַ פּראָוואָקאַטאָרקע.“

ער האָט ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר מויל און נישט געלאָזט זי רעדן. אָנשטאָט דעם האָט ער אָנגעהויבן אויסצולייגן, וואָס זיי האָבן צו טאָן. דער אָרגאַניזאַציע מוז אָנגעזאָגט ווערן, וואָס עס איז געשען. אויף יעדן פאַל מוז מען זיין פאָרזיכטיק. און זיי ביידע וועלן אַוועקפאָרן. מאָרגן מוז עס געשען. ער וועט עס נישט איבערטראָגן, אויב מען וועט זי ארעסטירן.

און ער האָט זי געקושט פול בענקעניש, פול האַרציקער ליבע.

אויף מאָרגן האָט מען אים ווידער אַרעסטירט. אַ האַלבע שעה איידער ער האָט געזאָלט פאַרלאָזן זיין צימער, אום צו זען זיך מיט אַ פּאָר חברים. אַז מען האָט אים געבראַכט פאַר דעם זשאַנדאַרמסקען אָפיציר, איז יענער געזעסן און אַרומגעפּאָרן אויף זיין דריי־שטול, אַ צופרידענער, טריאומפירנדיקער, שמייכלענדיק דעם שמייכל פון אַ זיגער.

ער האָט איצטער מיכלען נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן און איז גלייך אַריבער צום ענין.

„נו, ווי שטייט עס מיט מיין פאָרשלאַג?‟

מיכל האָט פאַרביסן די ציינער און בייז געשוויגן.

דער אָפיציר האָט ווייטער גערעדט:

„וואָס־זשע, פריינדל, דיר וועט גאָרנישט העלפן, דוס'ט עס מוזן ווערן.‟

מיכל האָט פאַראַכטלעך אָפּגעשמייכלט און פאַרעקשנט גע־שוויגן.

דער אָפיציר האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל און געצייגט אים:

„זעסט עס?‟

דאָס איז געווען דאָס פּאַפּיר מיט די נעמען.

„דאָס איז דיין האַנטשריפט, באַגרייפסטו?‟

מיכל האָט געוואָלט באַגרייפן, אָבער דער אָפיציר האָט אים פאַרשפּאָרט די טרחה.

„מיר וועלן עס צושיקן דיין אָרגאַניזאַציע — כלומרשט אַ סאָציאַליסטן־פּריינט אין פּאָליציי וועט עס אַוועקגנבענען און צושיקן דיין אָרגאַניזאַציע מיט אַ וואָרנונג, אַז עס געפינט זיך אַ שפּיאָן אין איר, און אָט האָט ער אַרויסגעגעבן אַלע נעמען פון די חברים, און זאָלן זיי אים אויסגעפינען אָן דער האַנטשריפט.“

מיכל איז געשטאַנען אַ צושמעטערטער און האָט געטראַכט, ווי אַזוי האָבן זיי דערוווסט, אַז דאָס איז זיין האַנטשריפט. ער האָט זיך אָבער גלייך אַליין געענטפערט, אַז ווען מען האָט אים אַרעסטירט אום ערשטן מאָל, האָט מען ביי אים צוגענומען אַ פּאָר פון זיינע שרייבעכצן און ביי איר האָט מען צוגענומען אַלע זיינע בריוו.

און דער אָפיציר האָט צו אים גערעדט:

„וואָס מיינסטו, וועט מיט דיר די אָרגאַניזאַציע טאָן? איבערן קעפּל וועט זי דיך נישט גלעטן. וועסט האָבן אַ ביטערן און מיאוסן סוף, פאַרשטייסטו, אַז דו האָסט קיין אַנדער ברירה נישט, אויב דיין לעבן איז דיר ליב?“

דאָס איז געווען אַ וואָרט, וואָס האָט אים אָנגעוויזן אַן אויסוועג. זיין לעבן איז אים ליב, ווייל ער ליבט און ווערט געליבט, אָבער דאָך נישט דאָס לעבן פון אַ פאַררעטער. דערצו וועט ער נישט געטריבן ווערן. ער וועט אויך נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל אויף אַ מינוט גלויבן, אַז ער איז געווען אַ „שפּיק“. ער וועט לאָזן וויסן דעם אמת און ענדיקן זיין לעבן, ווי ליב דאָס איז אים נישט איצט.

דער אָפיציר האָט פאָרטגעזעצט:

„טראַכט זיך דיר דאָרטן, וואָס דו ווילסט, דו וועסט אָבער היינט שוין מוזן אַריינטרעטן אין אונזער דינסט. אויב דו טוסט עס נישט, איז נאָך היינט אין אָוונט די גאַנצע אָרגאַניזאַציע דיינע אַרעסטירט. פון ערשטן ביז דעם לעצטן, נאָך דיין צעטל נאָך.“

און ער האָט גענומען דאָס פּאַפּיר און אָנגעהויבן צו לייענען די נעמען און די פאַמיליעס און די אַדרעסן.

אַ מורא איז אָנגעפאַלן אויף מיכלען. ער האָט זיך געבראָכן די פינגער און טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די

אויגן. ער וואָלט זיך צוווינט אויפן קול, אָבער ער האָט פאַרביסן די ליפּן און געשטאַרקט זיך.

אום צו ראַטעווען די אָרגאַניזאַציע, האָט ער צוגעשטימט, און ווי שיכור איז ער אַוועק פון דער אונטערערדונג. ער האָט נישט געקאָנט טראַכטן. ער האָט נישט געוווּסט, אויף וואָס פאַר א וועלט ער איז. ער איז געגאַנגען, ווויהין די פיס האָבן אים געטראָגן, און די פיס האָבן אים געטראָגן צו איר.

ער האָט איר דערציילט פון אַלץ. ער האָט אַרויסגעדריקט פון זיך די ווערטער פול פאַרצווייפלונג און אומבאַשרייבלעכן שמערץ. און ווען ער האָט אַרויסגעיאָמערט, אַז ער שטייט איצטער אין דינסט פון דער פּאָליציי, האָט ער געפילט, אַז זי וועט אויפשפּרינגען, דערשרעקן זיך, אויפשרייען. זיינע ווערטער זיינען געווען שניידנדיק, קווייטשנדיק, פול שרעק.

אָבער זי האָט אים גאָר געלאַשטשעט, געגלעט אים די האָר און די באַקן, געווישט די טרערן און באַרואיקנדיק געקושט אים.

און דערנאָך האָט זי אים געזאָגט גאַנץ מאָדנע ווערטער:

ער דאַרף נישט פאַרצווייפלט זיין. זאָל ער בעסער קוקן דערויף ווי אויף א זעלטן גוטן צופאַל. אַז זיי צווינגען אים, ווילן דורכאויס, ער זאָל ווערן זייערער אַן אַגענט, טאָ זאָל עס אויסגיין צו זייער קאָפּ. ער וועט זיי בלומרשט דינען, אין דער אמתן וועט ער גאָר דינען דער אָרגאַניזאַציע. ער וועט דאָרטן אויסגעפינען די פאַרשיידנסטע זאַכן, וועט אויסגעפינען, ווער איז דאָס דער פּראָוואָקאַטאָר, וואָס האָט אים רעקאָמענדירט...

זי האָט עס גערעדט רואיק, לאַכנדיק, ציניש.

עס האָט אים פּלוצלינג א זעץ געטאָן אין קאָפּ: זי איז עס!

ער האָט עס דערפילט מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה, מיט א מין זיכערקייט, פון וועלכער די האָר האָבן זיך אים אויפגעשטעלט אויפן קאָפּ און דער לייב האָט אים געברענט. ער איז געוואָרן בלייך, ווי דער טויט־שרעק, און האָט אויסגעשטעלט אויף איר גרויסע דערשראָקענע אויגן.

זי האָט באַמערקט די ענדערונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין אים, און אָפּגעריסן אין איר רעדן און פאַרלעגן אויפגעלאַכט.

זי האָט אָנגענומען, אַז ער איז גאַנץ אויסער זיך פון איר געדאַנק, און זי האָט זיך אַריינגעלאָזן אין דערקלערן איר געדאַנק, מאַכן אים גאַנץ כשר. מען דאַרף צאָלן דער פּאָליציי מיט איר אייגענער מטבע, שלאָגן זי מיט אירע אייגענע וואָפן. און זי האָט גענומען אויסמאָלן, ווי די אָרגאַניזאַציע וועט געהאָלפן ווערן פון זיין דאָפּלשפּיל.

וואָס לענגער זי האָט גערעדט, אַלץ זיכערער איז ער געוואָרן, אַז זי איז די פּראָוואָקאַטאָרין. זי האָט געוואָלט, ער זאָל ווערן, וואָס זי, און אַלץ איז געוועזן איר אויפטו. זי האָט אים רעקאָמענדירט צו דעם זשאַנדאַרמסקען, אַרויסגעגעבן זיין אַדרעס, געמאַכט אים אויפשרייבן די נעמען, איינגעלאַדן די פּאָליציי צו אַ כלומר־שטיקער הויז־זוכונג ביי זיך און אַרויסגעגעבן דאָס פּאַפּיר מיט די נעמען און אַלע אַדרעסן, און ענדלעך געלאָזט אים אַרעסטירן אַ האַלבע שעה איידער ער האָט זיך געקאָנט זען מיט די חברים. ער האָט עס געזען קלאָר און דייטלעך, אַרויסגעהערט פון אירע רייד, אַרויסגעשפּירט פון איר פאַרלעגענעם לאַכן. און מערקווירדיק, ער האָט זי נישט געהאַסט, זיינע געפילן זיינען נישט אויפגעשטאַנען קעגן איר. ער האָט אַפילו נישט געקאָנט בייז ווערן. ער האָט נאָר געפילט, אַז ער ליבט זי, אַז עס ציט אים צו איר, אַז ער קאָן זיך פון איר נישט אָוועקרייסן.

זיין גרויסער שרעק איז אַריבער אין אַ גרויסן טרויער. עס איז אים צו שטאַרבן טרויעריק געוואָרן. שטילע טרערן פון אַן אומבאַגרייפלעכן בראָך האָבן זיך אים אָנגעהויבן צו גיסן פון זיינע אויגן.

איר איז זייער שווער געוואָרן פון זיינע טרערן, און זי האָט זיך אָנגעהויבן צו לאַשטשען צו אים, טוליען זיך צו אים, פאַרפירעריש געלאָזט אים פילן איר קערפּער דורך דעם דינעם קלייד, געוואָלט מיט אויפגערייצטער ליידנשאַפט פאַרטרייבן זיין טרויער און זיין צווייפל.

און פּלוצלונג האָט ער באַגריפן, וואָס ער האָט צו טאָן. ער האָט זי אַרומגענומען און אַרויפגעדריקט אַ לאַנגן, ליידנשאַפטלעכן קוש אויף אירע ליפּן. און וועדליק זי האָט זיך פאַרפירעריש־

ליידנשאַפטלעך געקרימט אונטער זיין קוש, האָט ער אַרויפגעלייגט זיין קרעפטיקע האַנט אויף איר שלאַנקן, ווייסן האַלז.

און אַזוי האָט ער זי דערשטיקט אין זיין אומאַרמונג, אונ־טער זיין קוש. זי האָט קיין צייט נישט געהאַט אַפילו צו דער־שרעקן זיך, אַ צאַפּל צו טאָן זיך. עס איז געווען אַ שטילער, קאָמפּלאַזער קושטויט.

און אַז ער איז זיכער געווען אין איר טויט, ווען ער האָט דערפילט אירע ליפּן קאַלט און לעבלאָז, האָט ער זי אַריינגעלייגט אין בעט און איז צוגעפאַלן צו איר און האָט ביטער געוויינט. דער־נאָך האָט ער זיך געשטאַרקט, אַוועקגעזעצט זיך ביים טיש און אָנגעשריבן אַ פּאָר בריוו. אין זיי האָט ער דערקלערט, אַז די פּאָ־ליציי האָט זיי געצוווּנגען אַריינצוטרעטן אין איר דינסט, און דער־פאַר האָבן זיי ביידע באַשלאָסן צו שטאַרבן.

אַוועקשיקנדיק די בריוו און קויפנדיק אונטערוועגס אַ רע־וואָלווער, האָט ער זיך אומגעקערט צוריק, אַוועקגעשטעלט זיך אויף די קני פאַר דער טויטער און געקוקט אויף איר מיט ברע־נענדיקע אויגן, און מיט אַ האַרץ, וואָס איז אים שיר נישט צו־ריסן געוואָרן. עפּעס איז אים דורכגעלאָפן אין קאָפּ וועגן אַ פרעמ־דער נשמה, וואָס איז ווי אַ טיפער אָפּגרונט, און עס האָט זיך אים פאַרוואָלט אויפצועפענען אירע אויגן און אַריינקוקן אין זיי. וואָס וועט ער אין זיי איבערלייענען? וואָס וועלן זיי אים זאָגן? אָבער אַז ער האָט אויפגעעפנט אירע אויגן, האָט ער אויפגעשוידערט פאַר איר דורכדרינגענדיקן טויטן בליק. ניין, ער וועט קיין ווייטערע סודות נישט זוכן! מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך צוגע־טוליעט צו איר, אַ טויט־מידער, אָפּגעשפּאַנטער, צובראָכענער. די קויל, וועלכע ער האָט זיך אַריינגעשאָסן אין קאָפּ, איז געווען פאַר אים די גרויסע באַפרייאונג.

1915

# 1

רויט באַפלאַגט איז די הויפּטשטאָט, רויט אָטעמט איר לופט, רויט שלאָגט פון די ווענט און די דעכער פון אירע הייזער. די ריזן־שטאָט האָט זיך אָנגעטאָן אין דעם סימבאָל פון פרייהייט, פון באַפרייטע פעלקער, פון זיגרייכע רעוואָלוציעס. אויך דער שניי האָט זיך געפורפורט אונטער די שטראַלן פון אַ פרילינג־זון. אָדער ער האָט זיך באַאיילט צו צוגיין און צו פאַרשווינדן צוזאַמען מיט דער אַלטער קנעכטשאַפט און דער גרויטער רוסישער מידקייט.

און די מענטשן, רויט באַשלייפט און רויט באַבלומלט, גייען יום־טובדיק איבער די גאַסן. עס שיינען אין גליקלעכן לאַכן זייערע אויגן, דער שמייכל קומט נישט אַראָפּ פון זייערע ליפּן. זיי גייען מיט געהויבענע קעפּ, אויסגעגלייכטע, ווי אַ שווערע משא איז זיי אַראָפּגעפאַלן פון רוקן — אַ שווערע משא, וועלכע איז דאָרטן געלעגן דעם גאַנצן לעבן. זיי פילן ווי צו טאַפּן זיך דעם רוקן. איז די משא ווירקלעך אַראָפּגעפאַלן? אָבער אויך, ווייל זיי דוכט זיך, אַז ביי זיי זיינען אויסגעוואַקסן פליגל. אַזוי לייכט איז זיי, און אַזוי פליגלדיק פילן זיי. מיטן ברייטן שמייכל קוקן זיי זיך איינע די אַנדערע אָן, ווילד־פרעמדע און באַקאַנטע, און אויף זייערע ליפּן ליגט דער גרויסער אויסגעשריי: רוסלאַנד איז באַפרייט געוואָרן! רוסלאַנד איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים! זיי וואָלטן עס נישט אויפגעהערט צו זאָגן איינער דעם אַנדערן, און געקושט וואָלטן זיי זיך און געהאַלזט וואָלטן זיי זיך, אויף דעם רוסישן אופן, נאָך דער באַרימטער רוסישער האַרציקייט.

אַז דאָרטן ערגעץ אין די טרענטשעס, וועלכע ציען זיך הונ־דערטער מיילן, ליגן מיליאָנען קינדער פון דעם גרויסן רוסלאַנד

אין דערוואַרטונג פון דעם שטאַרקן שונא, וועלכער האָט אין זיין זיגרייכן אָנפאַל אָפּגעשניטן אַ שטיק פון דעם פאָטערלאַנד — דערפון טראַכט איצט קיינער נישט. אויך די נויט פון די שטעט די קנאַפּהייט פון אַלע נויטיקע לעבנס־מיטלען, דער הונגער, וועלכער לויערט מיט טויט־גרויע אויגן, האָבן איצט פאַרלאָרן זייער שרעקלעכקייט. די פרייהייט, פאַר וועלכער דורות קעמפער האָבן אַוועקגעגעבן זייער לעבן — די פרייהייט איז דערגרייכט! זי איז מער פאַר קליידונג, מער פאַר די טעגלעכע נויטווענדיקייטן, מער פאַר ברויט, מער פאַר שלאָף.

און אַזוי האָבן די מענטשן פאַרגעסן ווי צו שלאָפן. די נאַכט איז געוואָרן צו טאָג. מען וויל נישט שלאָפן גיין. מען האָט מורא, מען וועט עפּעס פאַרשלאָפן, עפּעס דורכלאָזן. אָדער מען וויל אַלץ מער געניסן פון דער באַפרייאונג, אַלץ מער אַריינאָטעמען זי אין זיך, אָנזעטיקן זיך מיט איר. וואַך זיין! וואַך זיין! אָפּן האַלטן אַלע חושים, און וויסן און פילן אָן אָן אויפהער, אָן אָן איבעררייס, אַז דאָס גרויסע וווּנדער איז געשען.

און אַזוי אויך האָט מען נישט געוואָלט אַוועק פון גאַס. אין די צימערן איז ענג, מען קאָן נישט פאַרטראָגן די אָפּגעשלאָסנהייט פון די פיר ווענט, מען וויל די פרייהייט און ברייטקייט פון דרויסן. מער מענטשן זען, מער נייערע געזיכטער. הערן אַ נייע מיטטיילונג און אַליין עפּעס מיטטיילן. רעדן, רעדן!

דערפאַר זיינען די גאַסן געפּאַקט געווען מיט מענטשן, לויפנדיקע, שרייענדיקע, זשעסטיקולירנדיקע. דער עיקר איז געדיכט געווען פאַר די דרוקערייען פון די גרויסע טעגלעכע צייטונגען. דאָרטן האָט מען געקאָנט די ערשטע דערפאַרן די נייעסטע געשעענישן.

אָבער די זעצער אין די דרוקערייען פון די גרויסע טעגלעכע צייטונגען האָבן זיך געפילט פאַר די גליקלעכסטע. זיי לייענען די ערשטע די איינצלהייטן פון דער וווּנדערלעכער באַפרייאונג. זיי קאָנען זיך נישט איינהאַלטן פון אָפטע אויסגעשרייען, אָפט לאַכן זיי אויף. דער יונגער קאָרעקטאָר פון דער צייטונג „דער פּ״ייער גערדאַנק” ווילבושעוויטש דעקלאַמירט אָפילו זיינע קאָרעקטורן. ער

לייענט זיי הויך אויפֿן קול, האַלב־זינגענדיק, ווי פֿון נאָטן. ער פֿילט זיך גאַנץ גליקלעך, דער יונגער בלייכער מענטש מיטן נערוועזן געזיכט: ער לייענט גלייך די גאַנצע צייטונג, אַלע איינצלהייטן, אַלע ברעקלעך. און אַלע איינצלהייטן, און אַלע ברעקלעך זיינען איצט זייער וויכטיק. וויפֿל מען לייענט זיך אָן, איז אַלץ ווייניק, און די אויגן קאָנען זיך נישט אָפּוווענדן פֿון די געדרוקטע שורות. דער נייס־הונגער איז אומדערזעטלעך, מען טרינקט און טרינקט די באַפֿרייאונגס־וווּנדער, און דער דורשט בלייבט נאָך אַלץ נישט געשטילט.

און ווי אַלע בירגער רוסלאַנדס, פֿילט אויך ווילבושעוויטש, ווי זיין רוקן איז באַפֿרייט געוואָרן פֿון אַ שווערער לאַסט. אָבער ער איז נאָך מער באַפֿרייט, מער ווי אַלע אַנדערע, ווייל זיין לאַסט איז געווען אַ סך אַ שווערערע.

אַ ריזיק־שווערער נאַכט־דרוק איז געלעגן אויף אים זייט צוויי יאָר. עפּעס שרעקלעכס, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען, פֿאַר־פֿאָלגט אים, די רו ביי אים אַוועקגערויבט. בלויז דריי געציילטע מאָל האָט אים דאָס שרעקלעכע אָנגעטראָפֿן פֿאַר די פּאָר יאָר. אָבער ער האָט שטענדיק געוווּסט, אַז דאָס שרעקלעכע עקזיסטירט, אַז דאָס איז דאָ, און ער איז נישט געזיכערט פֿון אים. דאָס קאָן זיך אַראָפּלאָזן אויף אים, ווען ער דערוואַרט עס אַמווייניקסטן. דאָס לויערט אויף אים, דאָס גייט אים נאָך. די אַלע דריי מאָל זיי־נען געווען נאָך לאַנגע פּויזעס, און ער האָט קיינמאָל נישט גע־וווּסט, ווען וועט זיין די פערטע באַגעגעניש. אָפֿט איז אַריבער אַ לענגערע צייט, און ער האָט פֿון זיין שרעק נישט געטראַכט, אָבער פּלוצלונג פֿלעגט ער זיך דערמאָנען, און זיין לעבן איז גע־ווען פֿאַרסמט. ער איז געווען ווי אַן עפּילעפּטיקער, וועלכער ווייס, אַז ער האָט אין זיין סיסטעם די העסלעכע קראַנקהייט, און ווייס נאָר נישט, ווען זי וועט אים באַפֿאַלן.

איצט אָבער איז ער אויסגעקורירט, גאַנץ אויסגעקורירט. איצט איז ער אויף אייביק אויסגעלייזט פֿון דעם שרעק. ער וועט זיך מיט אים מער נישט באַגעגענען.

קיינער האָט ביי אים פֿון זיין שרעק נישט געוווּסט. פֿאַר די

צוויי יאָר האָט ער געליבט, גוטע פריינט זיך דערוואָרבן. א זומער ביי זיין גוטער, קלוגער מוטער פארבראכט. ווען ער וואָלט זיך מיטגע־טיילט, וואָלט דער שרעק אפשר אָפּגעטאָן זיך, געוואָרן אוים שרעק. אָבער ער האָט נישט אויפגעטאָן דעם מויל צו רעדן. נאָך ד'ער צווייטער באַגעגעניש מיט דעם שרעקלעכן, האָט ער שוין גע־וואָלט דערציילן איר, דער מיידל, וועלכע ער האָט געליבט, אָבער גראָד דעמאָלט האָט ער אויסגעפונען, אז זי ליבט אים נישט, אז זי איז אין אנדערנס.

איצט אָבער וועט ער פארקלייבן פריינט און באַקאַנטע און ארויסשרייען פון זיך אלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט פאר די לעצטע צוויי יאָר, אראָפּשרייען פון זיך דעם גרויזאַמען נאכט־דרוק, אין לוסטיקער חברותא, מיט ווייַן און געזאַנג. ער וועט אין דעם נייעם לעבן קיין סודות פון דעם אלטן נישט אריבערטראָגן. זיי וועלן דריקן, רייצן, שטערן, ווי א שטיינדל אין שטיוול, ווי א סאָ־רינקע אין אויג.

ווי נאָר דער ערשטער רויש וועט אריבער, ווי נאָר מען וועט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, ווי נאָר מען וועט האָבן צייט פאר א לוסטיקן אָוונט, וועט ער צונויפנעמען פריינט און באַקאַנטע — — —

.2

פון יוסטיץ־מיניסטעריום איז צוגעשיקט געוואָרן א צעטל פון פראָוואָקאטאָרן און שפּיאָנען. די ארבעט איז שטיין־געבליבן. אלע האָבן געוואָלט הערן די נעמען. מען האָט ביז אהער געלעבט אין א שרעקלעכער וועלט, מען האָט נישט געוווּסט, ווער און וואָס דער נאָנטסטער איז. די דעמאָראַליזירונגס־קונסט פון דעם אָראָפּ־געזעצטן צאריזם איז געווען שוידערלעך גרויס, און ער האָט פאַרפּלייצט דאָס גאַנצע לאַנד מיט פּראָוואָקאטאָרן און שפּיאָנען. עס איז אים געלונגען אריינצוציען אין זיין אומווירדיקן דינסט מענטשן מיט גוטע רעפּוטאציעס און אַן אמת־רעוואָלוציאָנערער פארגאַנגענהייט און אריינצופלאַנצן שעדלעכן חשד פון איינעם צום אנדערן אין די העז־צער פון זיינע פיינט. די ערשטע זאַך פון דער זיגרייכער רעוואָלוציע איז געווען אָפּצורייניקן די לופט. די ביכער מיט די נעמען פון די שפּיאָנען און פּראָוואָקאטאָרן זיינען איצט געשטאַנען אָפן, און דאָס לאַנד האָט גיריק ארויסגעלייענט פון זיי, ווער זיינען געווען זיינע פאררעטער.

א מיטגליד פון דער רעדאקציע האָט הויך געלייענט די נע־מען פון די פּראָוואָקאטאָרן. ביי עטלעכע נעמען האָט מען אויפ־געשריען און צורעדט זיך. דאָס זיינען געווען נעמען פון באקאנ־טע פערזענלעכקייטן. עס איז צווישן זיי אפילו געווען דער נאָ־מען פון דעם רעדאקטאָר פון א סאָציאַליסטישער צייטונג.

דער רעדאקטאָר האָט אָנגעהויבן צו לייענען: „נאָום יאָ־קאָוולעוויטש...” זיך אָפּגעריסן און אויסגערופן:

„וואָס?"

ווי ער וואָלט זיינע אויגן נישט געגלויבט.

אַלע זיינען אויפמערקזאַם געוואָרן, מיט דער גרעסטער גע־שפּאַנטקייט געוואַרט אויף דעם נאָמען. אָבער אייניקע, וועלכע האָבן אים פון הינטן אַריינגעקוקט אין צעטל, האָבן אַרויסגערופן אָדער אַרויסגעפּליסטערט:

„ווילבושעוויטש!... ווילבושעוויטש!... ווילבושעוויטש!..."

די הערער האָבן זיך נאָך נישט געכאַפּט, ווער דער נאָום יאַקאָוולעוויטש איז, אויך ווילבושעוויטש אַליין האָט גאָר זיין נאָ־מען נישט דערקענט. אָבער איינער האָט געלייענט שנעל: „קאָרעק־טאָר, האָט אויפגעקלערט וועגן דעם פּערסאָנאַל פון דעם שטאַב פון דער רעדאַקציע „פריייער געדאַנק" און אויך וועגן די קאָרעספּאָנ־דענטן פון דערדאָזיקער צייטונג, געהאַלט 25 רובל אַ חודש. באַ־קאַנט אויך אונטער די נעמען נאָומאָוו און קאָזלאָוו."

אַלע אויגן האָבן זיך געווענדט אויף ווילבושעוויטשן, מען האָט אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן פון אים. די דערשטוינונג אין די אויגן האָט אָנגעהויבן פאַרוואַנדלט צו ווערן אין האַס.

ווילבושעוויטש איז געוואָרן בלייך. ער האָט נישט באַגריפן. עס איז אוממעגלעך, אַז דאָס איז ער. עס איז גאַנץ אוממעגלעך. עס איז דאָך געוועזן בלויז אַ טרוים. איז עס דען געוועזן ווירק־לעכקייט? גאַנץ אוממעגלעך!

אָבער ער האָט באַמערקט די בליקן פון די אַרומיקע: האַס און פיינטשאַפט. מען רוקט זיך פון אים אָפּ, ווי פון אַ פאַר־פּעסטעטן, ווי פון אַ בייזן גערוך. איצט איז אים קלאָר געוואָרן. דאָס איז ער. נאָום יאַקאָוולעוויטש ווילבושעוויטש פון דעם צעטל איז ער. אַזוי פאַרשטייען עס אַלע. אַזוי נעמען עס אַלע אָן.

עס האָט אויפגעוויינט אין אים. ער האָט פאַרנאַנדערגעפירט די הענט, ווי ער וואָלט אויפגעהויבן צו די אויגן פון זיינע מיט־אַרבעטער אַ גרויסע מיספאַרשטענדעניש. זיי מוזן דאָך זען, אַז דאָס איז עפּעס אַן אומגליקלעכע מיספאַרשטענדעניש. ער איז

קיינמאָל קיין אַגענט נישט געוועזן, קיינמאָל קיין געהאַלט נישט געצויגן, קיינמאָל נישט געהייסן נאַומאָוו אָדער קאָזלאָוו. ער האָט דאָך אַליין נישט געוווּסט, אַז דער צעטל מיינט דאָס אים.

ער האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען מיט שרעק און טרערן:

„אַ מיספאַרשטענדעניש... עס איז אוממעגלעך... נישט איך... איך פאַרזיכער אייך...“

עס איז אים דורכגעפלויגן, אַז ער דאַרף פאַלן אויף די קני פאַר די פאַרזאַמלטע, שלאָגן זיך מיטן קאָפּ אָן דר'ערד און שווערן אַ שווערע שבועה: ער איז אומשולדיק!

אָבער ער האָט געפילט, אַז ער ווערט היסטעריש. און ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער וועט זיך לעכערלעך מאַכן. האָט ער אויפגעכליפּעט, פאַרביסן די ליפּן, אויפגעזוכט זיין היטל און איז אַרויס.

ער האָט די גאַס נישט געזען און נישט געהערט. ער האָט נישט געקוקט אַרום זיך. די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, צו־נויפגעדריקט פון אַ גרויסן אומגליק, האָט ער זיך געשלעפּט צו זיך אַהיים. ער האָט אויך נישט געקאָנט טראַכטן. נאָר עטלעכע ווערטער האָבן זיך אים געדרייט אין קאָפּ: „אוממעגלעך!... ווי אַזוי?... עס קאָן נישט זיין!... אוממעגלעך!... ווי אַזוי?... עס קאָן נישט זיין!...“ און ער האָט געפילט, אַז דאָס שרעקלעכע, פון וועלכן ער האָט געדענקט, ער איז פּטור געוואָרן, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אים ווי אַ שווארצע מאַסע און אים אינגאַנצן פאַרשלונגען. ווי אַ געשפּענסט איז עס צוריקגעקומען פון זיין עולם התוהו צו דערדריקן אים.

ווען ער איז אַריין צו זיך אין צימער, האָט ער אָנגעקוקט די ווענט מיט אַזאַ רחמנות־בליק. ווייסן זיי שוין פון זיין אומגליק? אָבער זיי ווייסן דאָך, אַז ער איז אומשולדיק. זיי, די שטומע עדות פון זיין לעבן. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף זיין בעטל, פאַר־גראָבן דעם קאָפּ אין די הענט און זיך ביטער צעוויינט.

אָבער ער האָט נישט געוואָלט וויינען. ער האָט זיך געשעמט

פאר די טרערן. איז ער נישט א מאן? ארבעט ער נישט שוין לאנג אויף זיין כאראקטער? ער האט צונויפגעדריקט די ציין און איז פארגליווערט געווארן. ער האט געקוקט אויף צוריק און געקוקט אין פארויס. וואס אזוינס איז עס געוועזן און וואס אזוינס דארף ער טאן.

און דאס אומגליק־באוווּסטזיין האט אלץ שווערער און שווע־רער געדריקט אויף זיינע פלייצעס.

## 3.

אין ווינטער 1915 האָט די אָכראַנקע זייער שטאַרק געוואָלט וויסן, וואָס עס טוט זיך אין דער רעדאַקציע פון דער רעוואָלוציאָנערער, סאָציאַליסטישער צייטונג „דער פרייער געדאַנק“: ווער זיינען אַלע די מיטאַרבעטער, ווער פאַרקערט דאָרטן, און דער עיקר ווער גיט דאָס געלט. עס האָט איר נישט געגליקט אַריינצוזעצן אַהין איינעם פון אירע אַגענטן. מען איז דאָרטן פאָרזיכטיק געווען. האָט זי באַשלאָסן אַריינצוצווינגען אין דינסט איינעם פון די דאָרטיקע. איר אויסוואַל איז געפאַלן אויף ווילבושעוויטשן, אפשר דערפאַר, וואָס דער בלייכער, נערוועזער יונגער מענטש, וועלכער איז באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט פאַר זיין שוואַך האַרץ, האָט געוועקט אין איר די האָפענונג, אַז ער וועט נישט קאָנען אויסהאַלטן און ביישטיין איר קונסט צו שאַפן שפּיאָנען. אָדער אפשר דערפאַר, וואָס אַלס קאָרעקטאָר איז ער געווען אַ מין פאַרבינדונגס־גליד צווישן דער רעדאַקציע און דער דרוקעריי און האָט געהאַט די געלעגנהייט אַלעמען צו קענען, פון דעם רעדאַקטאָר ביז דער איינפאַכסטער „האַנט“ אין דער דרוקעריי.

איינמאָל אין אַ באַזונדערס קאַלטער נאַכט, ווען עס האָט זיך אַזוי געשמאַק געשלאָפן אין דעם גוט־אויסגעהייצטן צימער אונטער דער וואַרעמער פערענע, האָט ווילבושעוויטשן אויפגעוועקט אַ שטאַרק קלאַפּן אין דער טיר. ער האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט אַראָפּצוטרייסלען דעם שלאָף פון די אויגן, איז ער שוין געווען אַרומגערינגלט פון אָכראַניקעס, וועלכע האָבן אים געהייסן

שנעל זיך אָנטאָן און געהאָלפן אים דערביי, וועדליק אַנדערע האָבן דורכגענישטערט זיינע פּאַפּירן אויף זיין טיש און אין די טיש-קעסט־לעך. נאָך אַ האַלב־שלאָפנדיקן און האַלב־אָנגעטאָנענעם האָט מען אים אַרויסגעפירט אין פראָסט פון גאַס און געבראַכט אין דער „אָכראַנער" אָפּטיילונג. דעם גאַנצן וועג האָט מען מיט אים נישט גערעדט, און ער האָט נישט געקאָנט קומען צו זיך אַ וואָרט אַרויס־צורעדן. די שנעלקייט, מיט וועלכער מען האָט אים צוגענומען, האָט געדאַרפט מאַכן אויף אים דעם איינדרוק, אַז מען פירט אים צו דער תּליה, און ער האָט אפילו נישט געקאָנט זיך אָפּגעבן רעכנשאַפט, וואָס פאַר אַ פאַרברעכן ער איז באַגאַנגען. עפּעס קומט מיט אים פאָר און נאָך ערגערס וועט פאָרקומען, אָבער ער האָט נישט געקאָנט קומען צו געדאַנקען. ווי אימיצער וואָלט אים באַ־טויבט מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ איבערן קאָפּ.

דער אָפענער אויטאָמאָביל, אין וועלכן מען האָט אים אַריינגע־זעצט, האָט שנעל דורכגעמאַכט דעם מהלך צווישן זיין וווינונג און דער אָכראַנער אָפּטיילונג. צו שנעל, אַז ער זאָל קאָנען קומען צו זיך, אָבער נישט צו שנעל, אַז דער האַלב־אָנגעטאָנענער זאָל נאָך מער באַנומען ווערן פון דעם שטאַרקן פראָסט אין דער רו־סישער מיטווינטער־נאַכט. ווען מען האָט אים אַריינגעבראַכט אין דער וואַרימער „אָכראַנקע", האָט ער געפילט, אַז ער וואָלט זיך אוועקגעלייגט און געשלאָפן. אָבער מען האָט אים אוועקגעשטעלט פאַר אַן אָפיציר מיט גרויסע אַראָפּהענגענדיקע רויטע וואָנצעס און בייזע אויגן אונטער אָנגערוקטע גרויסע ברעמען, און שטאַרקע ברייטע הענט, אָן וועלכע מען האָט ליכט געקאָנט דערקענען, אַז זיי ליבן צו פּאַטשן, „אַריינצופאָרן אין דער מאָרדע". דער אָפיציר האָט זיך גלייך צושריען אויף אים, מיט אַ שטאַרקער, אין שנאַפּס־אויסגעוויקטער באַס־שטימע, מיט געמיינע זידל־ווערטער און קלאַפּן אין טיש מיט זיין פויסט.

„ענגדלעך האָבן מיר דיך, דו אַזוינער און אַזוינער! האָסט געמיינט וואָס, האַ? וואָס האָסטו דיר געמיינט? האַ? אַזוי זיך! אַלץ גאָרנישט!... מען קאָן זיך טאָן, וואָס מען וויל, און מיר שלאָפן!... אַ גרויסער טעות, דו אַזוינער און אַזוינער!... מ י ר שלאָפן

נישט און דו וועסט ביי אונז אויך מער נישט שלאָפן... גענוג!... פּאַרטיק!... דו וועסט שוין זען, דו אזוינער און אזוינער!... מיט דיר וועלן מיר באַלד פאַרטיק ווערן!... מיר האָבן געהאַט צו טאָן מיט גרעסערע העלדן פאַר דיר... וואָס, נישט?... דו דערוועג זיך נאָר א וואָרט צו זאָגן!... דו, צוויגן־זון!... דו רעד נאָר ביי מיר!... דו זעסט אָט דאָס?...״

און ער האָט געשאָקלט אונטער ווילבושעוויטשעס נאָז א גרויסע שטאַרקע פויסט. ווילבושעוויטש איז געשטאַנען א צו־מישטער. ווען מען וואָלט אים איצט צוריק אַריינגעלייגט אין בעט, וואָלט מען אים ליכט געקאָנט איינרעדן, אז אַלץ איז געווען א חלום. ער האָט נאָר געוווּסט, אז ער דאַרף קומען צו געדאַנקען, עפּעס א ריס טאָן זיך, באַגרייפן, אַרומנעמען מיט קאָפּ. אָבער ער האָט עס נישט געקאָנט. ער האָט געהערט די אינהאַלטסלאָזע גע־שרייען פון דעם אָפיציר און נאַרנישט פאַרשטאַנען. א מבול פון װילדע ווערטער און זידלערייען — דאָך וואָס פאַר א שייכות צו אים? אָבער ער האָט אפילו נישט געקאָנט א טראַכט טאָן, צי איז דאָ נישט עפּעס א טעות. ער איז געשטאַנען און די פיס האָבן גע־ציטערט אונטער אים, און ער האָט געפילט, אז באַלד וועלן זיך אים אָנהויבן צו טרייסלען די ציין אין מויל פון אינווייניקסטער קעלט און אויפגערעגטקייט. און אז ער האָט דערזען אונטער זיין נאָז א גרויסע קרעפטיקע פויסט, האָט ער אויפגעשווידערט און טאַ־קע אָנגעהויבן זיך צו טרייסלען. עס האָט אים אָנגעהויבן צו וואַרפן ווי אין קדחת, און דאָס האַרץ האָט אין אים געקלאַפּט, געקלאַפּט צום צופּלאַצן.

איצט האָט דער אָפיציר אַראָפּגעלאָזן זיין פויסט מיט א דונ־נער־קלאַפּ אויפן טיש, וועלכער איז געשטאַנען צווישן אים און ווילבושעוויטשן און, אויסשטעלנדיק צוויי בייזע, בלוט־פאַרלאָ־פענע אויגן, האָט ער נאָך ווילדער אויסגעשריען:

„ווי אזוי קומסטו צו ווערן א קאָרעקטאָר אין דעם „פרייען געדאַנק״? ווער האָט דיך אַריינגעבראַכט אַהין? וואָס פאַר א שייכות האָסטו צום לומפּ, דעם רעדאַקטאָר?״

גאַנץ אומגעלומפּערטע פראַגן, חוזק־פראַגן, און ליכט צו

באַנטלאָפן. די שטעלע איז אַ גאַנץ לעגאַלע שטעלע און געקראָגן האָט ער זי דורך אַן אָנאָנס אין דער צייטונג, און צו דעם רעדאַק־טאָר האָט ער קיין שום שייכות נישט, ווי נאָר די, אין וועלכער זיין אַרבעט ברענגט אים. אָבער ווילבושעוויטש האָט גאָרנישט גע־ענטפערט. עס האָט אים געטרייסלט אַ צאָן אָן אַ צאָן, דאָס האַרץ האָט געצופּט און געריסן, אין קאָפּ האָט אים געזעצט ווי מיט האַ־מערס, און די פראַגן זיינען אים פאָרגעקומען גאַנץ מערקווירדיקע, שווערע, אוממעגלעכע, נישט־צופאַרענטפערנדיקע. ער איז זיך פאָרגעקומען, ווי אַ שווערער פאַרברעכער, וועלכן מען האָט גע־כאַפּט פאַר דער האַנט אין זיין פאַרברעכן.

און ווידער האָט זיך די שווערע האַנט דונער־שטאַרק אַראָפּ־געלאָזן אויפן טיש, אויף וועלכן אַלץ האָט אונטערגעטאַנצט מיט גערויש און קלאַנג.

„אַהאַ, דו שווייגסט! ווילסט נישט ענטפערן, דו צויגן־זון! מיר וועלן דיך אָבער מאַכן צו ענטפערן! דו וועסט שוין ביי אונז ענטפערן! צופיל וועסטו ביי אונז ווערן, אָבער דו וועסט ענטפערן."

און פּלוצלונג מיט מער כעס און ווילדקייט:

„ווער איז היינט געוועזן ביים לומפּ, דעם רעדאַקטאָר? ווע־מען האָסטו היינט דאָרטן געזען, ביי דיר דאָרטן, אין דער נידער־טרעכטיקער דרוקעריי? ענטפער! דו מאַך דיך מיר נישט שטום! ענטפער!..."

ווילבושעוויטש איז געפאַלן אין חלשות.

ווען ער איז געקומען צו זיך, זיינען ביים טיש געוועזן נאָך צוויי הערן, און דריי פּאָר אויגן האָבן געקוקט אויף אים שטרענג, איינדרינגלעך, אינקוויזיטאָריש, אָבער איצט איז אים עפּעס לייכטער געוואָרן אין קאָפּ. ער האָט געוווּסט, אַז ער חלומט נישט, נאָר אַז מען פרעגט אים עפּעס, און ער דאַרף ענטפערן. און ער האָט אויך געוווּסט, אַז די פראַגן זיינען פּוסטע פראַגן, און דער ענטפער אויף זיי איז אַזוי פּשוט. אָבער ער האָט זיך געפילט שוואַך, און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט און געריסן, און אַמבעסטן וואָלט ער ווי־

דער געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן, אין דער פאַרגעסנהייט פון דער חלשות. עס איז געווען אַזוי גוט, אַזוי שטיל און רואיק.

אָבער דער אָפיציר האָט צו אים באַפעלעריש אויפגעשריען:

„שטיי אויף!"

ווילבושעוויטש איז לאַנגזאַם אויפגעשטאַנען, און דער אָפיציר האָט ווייטער גערעדט:

„אַ העלד, וועלכער פאַלט אין חלשות! — און קריכט, ווו־היין מען דאַרף נישט. איצט זאָלסטו מיר אָבער רעדן. קענסטו באַרינאָוון — מאַקסים פּעטראָוויטש באַרינאָוו? דו קענסט אים. ער איז אַן אָפּטער אַריינגייער אין דער רעדאַקציע. קענסטו אים?"

ווילבושעוויטש האָט אַרויסגעשעפּטשעט:

„ניין."

אַ דונער־קלאַפּ אויפן טיש.

„דו קענסט אים! מיר ווייסן, אַז דו קענסט אים! פריער האָט ער געשטומט, איצט וויל ער זאָגן ליגן. איך וועל דיך, דו אַזוינער און אַזוינער..."

אָבער ווילבושעוויטש האָט באַרינאָוון פאַרט נישט געקענט, קוים זיין נאָמען געהערט, האָט ער געלאָזן דעם אָפיציר שרייען און געשוויגן.

און דער אָפיציר האָט ווייטער געשטורעמט:

„אָבער מירטאָוון קענסטו? פּאַוועל מירטאָוו, דעם בילנדיקן הונט, וועלכער שרייבט די לוויזיקע פעליעטאָנען?..."

אים האָט ווילבושעוויטש געקענט און ער האָט אַזוי געענט־פערט:

„אַהאַ, קענסט אים, דו שורקע! זאָג מיר, ווי אָפט קומט ער אין רעדאַקציע?"

מיט באַשטימטהייט האָט עס ווילבושעוויטש נישט געקאָנט זאָגן, און דער אָפיציר האָט ווידער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש. אָבער איינער פון די צוויי הערן, אַן עלטערער מאַן מיט אַ גרויסער גרויער באָרד, האָט אים באַרואיקט:

„מען זעט, אַז ער זאָגט דעם אמת. איר דאַרפט אייך נישט אַזוי וואַרפן אויף אים. ער וועט אייך זיכער זאָגן, וואָס ער ווייס,

אָבער וואָס ער ווייס, איז בכלל נישט וויכטיק. נו, אז ער קען שוין מירטאָוון? און אז ער קען שוין לארינען? איר קענט דאָך לאָרי־נען?''

,,יאָ.''

,,איז וואָס איז דערפון, אז ער קען אים שוין? און איר קענט דאָך געווים זאָראָוון?''

,,יאָ.''

,,גאָרנישט מיט גאָרנישט. ער איז דער קאָרעקטאָר דאָרטן און ער קען מיטאַרבעטער, וועלכע קומען אריין. ער מעג זיי אַלע־מען קענען, אַלס קאָרעקטאָר. דאָס געהערט זיך צו זיין אַרבעט. ער מעג זיי אמאָל זען אפילו אַלעמען צונויפגעקליבן. זיי קלייבן זיך דאָך אמאָל צונויף צוזאמען, ווי? איך מיין, מיטאַרבעטער און פריינט פון דער צייטונג? אזוי, מעשה מיטינג? האָט איר ווען אָנ־טייל־גענומען אין אזא מיטינג? נו, יאָ, נאַטירלעך, פאַרוואָס נישט — דאָך דער קאָרעקטאָר — איר האָט דאָך אָנטייל־גענומען? אויך אַנדערע אַרבעטער פון דער דרוקעריי? די זעצער, צום ביישפּיל? אָנטייל־גענומען?''

ווילבושעוויטש האָט זיך נישט געפונען צו זאָגן ניין. אָבער ער האָט אויך נישט געזאָגט יאָ. ער איז געווען אין פאַרלעגנהייט. אָבער זיי האָבן זיין פאַרלעגנהייט ריכטיק אויסגעטייטשט: דער על־טערער הער מיט דער גרויער באָרד האָט פאָרטגעזעצט, אזוי ווייך און זיס, אזוי זיך אריינגנבענדיק:

,,נאַטירלעך אָנטייל־גענומען... ער איז זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, פון חלשן. אים איז שווער א וואָרט אויסצורעדן. אָרעמינ־קער... האָבן אויך פרעמדע אָנטייל־גענומען? גאַנץ פרעמדע, מענטשן נישט פון דער רעדאַקציע און נישט פון דער דרוקעריי? אָנטייל־גענומען?''

ווילבושעוויטש איז רויט געוואָרן, און דער הער מיט דער גרויער באָרד האָט גוטמוטיק געשמייכלט:

,,איך האָב געזאָגט, מען דאַרף נישט שרייען. ער וועט אַליץ אַליין זאָגן. איך וואָלט געזאָגט, אז מען זאָל אים צורו לאָזן. זאָל ער זיך אויסשלאָפן, צו די כוחות קומען. ווי ער זעט אויס!

אָרעמינקער! חלשט איר אָפּט? דאָס איז אַ ווייבערשע זאַך. פּאַסט נישט פאַר אַ יונגן מענטשן. מיינט איר נישט, אַז ער קאָן שוין גיין? מער קאָן ער אונז שוין גאָרנישט זאָגן. איבעריקנס, ווען איז געווען אייער לעצטער מיטינג אין דער רעדאַקציע? עס מאַכט נישט אויס, וואָס דאָרטן איז גערעדט געוואָרן. אָבער ווען איז מען זיך צונויפגעקומען? די וואָך? — פאָריקע וואָך? — פאַר צוויי וואָכן? — דאָס נאָר וועט איר ענטפערן. און איר קאָנט אייך גיין. דער לעצטער מיטינג בלויז — ווען?"

ווילבושעוויטש האָט געפילט, אַז ער וועט, דאַכט זיך, באַלד ווידער פאַלן אין חלשות, און זיי רעדן פון אָפּלאָזן אים, און ער פילט, אַז דער אַלטער מיינט עס ווירקלעך. און ער קאָן נישט באַגרייפן, צי זאָל ער באַענטפערן די פראַגע אָדער נישט. פאַר צוויי וואָכן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מיטינג פון מיטגלידער פון דער רעדאַקציע מיט עטלעכע אַרבעטער פון דרוקעריי, דאָך, ווען מען זאָל אים אַפילו שניידן זיין פלייש, קאָן ער זיך איצט נישט דערמאָנען, וועגן וואָס מען האָט דאָרטן גערעדט. אָבער דאָס ווילן זיי גאָרנישט וויסן.

דער דריטער הער האָט זיך אַריינגעמישט:

„אָך, לאָזט אים גיין."

אָבער דער אַלטער האָט דערווידערט:

„נאָר: ווען? און דאָס איז אַלץ."

ווילבושעוויטש האָט אַרויסגעשעפּטשעט:

„פאַר צוויי וואָכן."

„דאָס הייסט? וואָס האָבן מיר היינט? דינסטיק? אַלזאָ: פאַר צוויי וואָכן דינסטיק?"

„ניין, דאָנערשטיק."

„אהאָ! נו, יאָ, דאָס איז אַלץ. ער קאָן דאָך איצט גיין, ווי?"

דער אָפיציר האָט זיך אויסגעזידלט:

„פון מיינעטוועגן, כאָטש צום טייוול! איך וואָלט אַזאַ פאַרפּאַקט אויף אייביק."

דער דריטער הער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט באַרואיקנדיק אויף דעם אָפיציר:

„נו, נו, נישט געבייזערט זיך, מיר קאָנען נאָך אין הער ווילבושעוויטשן האָבן א גוטן מיטאַרבעטער און העלפער. דעם אָנהייב האָט ער שוין געמאַכט.“

ווילבושעוויטשן האָט א זעץ געטאָן דאָס בלוט אין געזיכט, און נאָך מער איז אים געוואָרן קאַלט און וואַרעם, ווען דער אַלטער האָט זיך צו אים געווענדט מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל:

„און ווירקלעך, פאַרוואָס טאַקע נישט? עס מאַכט נישט אויס... אין גוטער געזעלשאַפט, האַ־האַ־האַ... עס קאָן איבּ אָנ־שטיין... און אויסער דעם, צי איר ווילט, אָדער ווילט נישט, עס וועט אייך גאָרנישט העלפן. איר פאַרשטייט דאָך, אַז איר האָט שוין גערעדט...“ — ער האָט באַטאָנט דאָס לעצטע וואָרט און שאַרף זיך איינגעקוקט אין ווילבושעוויטשן. — „מיר ווייסן שוין, אַז דאָנערשטיק פאַר צוויי וואָכן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן א מיטינג אין דער רעדאַקציע. איר האָט דאָרטן געמעגט רעדן וועגן פאַראייני־קן דאָס אויסלייגעניש, מיר ווייסן אָבער, אַז איר האָט אָפּגע־האַלטן א מיטינג. — פאַרשטאַנען? געוועזן פאַרזאַמלט. — דאָס איז פאַר אונז דער עיקר. און איר האָט עס אונז אַרויסגעגעבן.“ — ער האָט ווידער באַטאָנט דאָס לעצטע וואָרט, פאַרשאַרפנדיק עס מיט זיין איינדרינגענדיקן קוק — „און אַז איר האָט אָנגעהויבן, מאָ גייט שוין ווייטער. חיינט האָט איר גערעדט אומזיסט, פון מאָרגן אָן וועט איר קריגן געהאַלט. נישט קיין סך. די רעגירונג איז אָרעם, רוסלאַנד איז נישט אַמעריקע, און דאָרטן וואַרפט מען זיך אויך נישט מיט געלט, דער פּרעזידענט אַליין קריגט הונגער־געהאַלט, האַ־האַ־האַ... איז וואָס זאָגט איר?“

ווילבושעוויטש האָט געשוויגן, בלייך, מיד, קראַפּטלאָז, גע־דאַנקענלאָז.

„אַז איר שווייגט, איז שלעכט,“ האָט דער אַלטער געזאָגט. „וואָרום איך וועל וועלן האָבן אַן ענטפער. און פאַרשטייסט, איך בין אַן אויסגעשלאָפענער, און איך האָב נישט געחלשט. איך קאָן מיט דיר אָפּזיצן די גאַנצע נאַכט. דו וועסט מיר מוזן געבן אַן ענטפער, וואָרום דיין ניין וועל איך נישט אָננעמען. פאַרשטאַ־נען? איז וואָס זאָגסטו צו מיין פאָרשלאָג?“

ווילבושעוויטש האָט קוים אַרויסגעפּליסטערט:

„איך וועל מיר איבערלייגן.“

דער אָפיציר האָט אויפגעהויבן זיין פויסט אַ קלאַפּ צו טאָן אין טיש, אָבער דער אַלטער האָט אים אָפּגעהאַלטן:

„דאָס איז גוט. זאָל ער זיך איבערלייגן, פאַרוואָס טאַקע נישט? זאָל ער נישט זאָגן, אַז מיר האָבן אים געצווינגען מיט געוואַלט. ער דאַרף אָבער וויסן, אַז ער האָט נישט קיין צוריק. ער האָט שוין געזאָגט. און זאָל ער זאָגן צוואַנציק מאָל ניין, ער איז שוין אונזערער. איך גלויב, אַז ער קאָן שוין גיין. — קאָנסט גיין אַהיים. האָסט געלט ביי זיך? ביזט האַלב־אָנגעטאָן. וועסט מוזן נעמען אַ טאַקסי. נישקשה, אויף אונזער חשבון, געהאַלט פינף און צוואַנציק רובל אַ חודש. נישט קיין סך. איך האָב עס שוין געזאָגט. אָבער צוזאַמען מיט דיין קאָרעקטאָר־געהאַלט, וועסטו לעבן הרחבהדיק. נו, קאָנסט דיר גיין, אַדיע! דיין אַדרעס האָבן מיר. איבערלייג זיך נישט לאַנג. זיי אַ מענטש, פאַרשטייסט? מיט אונז וועט דיר פריילעכער זיין. נאַ, גיי און שלאָף דיך אויס.“

ווילבושעוויטש האָט זיי פאַרלאָזן ווי אַ נאַכט־וואַנדלער. ער האָט אַפילו דעם פראָסט נישט געפילט, און נישט געוווּסט, ווי און ווען ער איז געקומען אַהיים. איז ער געלאָפן? איז ער געגאַנגען פּאַמעלעך? ער איז געווען אויסגעפּילט פון דעם איין געדאַנק: ער האָט ג ע ר ע ד ט! און ער האָט פאַרשפּראָכן איבערצולייגן זיך, צי ער וויל ווערן אַ פּראָוואָקאַטאָר!

ער האָט געציטערט אין אַלע גלידער. ווי אַזוי איז עס אַלץ געשען? ער האָט געוואָלט טראַכטן אויף צוריק און באַגרייפן, ווי אַזוי איז עס געשען. ער האָט אָנגעשטרענגט זיין בליק, ווי ער וואָלט דערוואַרט צו דערזען פאַר זיך די דערקלערונג. ער האָט קיין זאַך נישט געזען פאַר זיך, נאָר געזוכט די דערקלערונג. מיט דעם בליק איז ער אַריין צו זיך אין צימער, לאַנגזאַם אויסגעטאָן זיך, אַריינגעלייגט זיך אין בעט אויפן רוקן, געקוקט אויפן באַלקן, געזוכט. אָבער פּלוצלונג איז ער איינגעשלאָפן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך געדאַרפט פאַרגעוויסערן, אַז דאָס איז נישט געווען קיין בייזער חלום. די צו־

וואָרפענע פּאַפּירן און דער ספּעציפיש־שווערער גערוך, וועלכן די זשאַנדאַרן האָבן איבערגעלאָזן אין דעם אויף טיר און פענסטער צוגעמאַכטן צימער, זיינען געווען די בייזע ווירקלעכקייט.

עס איז אים געוואָרן זייער טרויעריק און שווער אויפן האַרצן. ער האָט גערעדט! זיי האָבן בײַ אים אַרויסגענאַרט, אַז אין דער רעדאַקציע קומען פאַר פאַרזאַמלונגען. און ער האָט פאַרשפּראָכן איבערצולייגן זיך!

ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ער דאַרף דערציילן אין דער רעדאַקציע, וואָס מיט אים איז געשען. נאָר ער האָט געפילט, אַז ער שעמט זיך, אַז ער וועט קיינעם נישט קאָנען קוקן גלייך אין די אויגן. ווי אַזוי קאָן ער דערציילן, אַז ער איז געווען אַזאַ נאַר? עס וועט פאַלן אויף אים אַ שאָטן. מען וועט זיך אָנהויבן צו היטן פון אים, ווי פון איינעם, וועלכער קאָן זיין צונג נישט האַלטן. אַ נאַר! אַ נאַר!

ווען ער איז שוין געשטאַנען אין דער טיר, גרייט צו דער אַרבעט, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז ער טאָר אין דער דרוקעריי נישט אַרבעטן, אַז ער דאַרף אַריינשיקן זיין רעזיגנאַציע.

און אַזוי האָט ער געטאָן. אָן קיין שום דערקלערונג. און דאַן האָט ער אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט די מיטאַרבעטער. זיי זאָלן אים קיין קשיות נישט פרעגן און ער זאָל זיי נישט דאַרפן זאָגן קיין ליגן.

.4

ער האָט אין דער אָכראַנקע קיין ענטפער נישט געגעבן און געשווידערט ביי דעם געדאַנק, אז ז י י וועלן קומען נאָך דעם ענטפער. ער האָט זיך גרויזאַם געפייניקט מיט בילדער וועגן דעם, וואָס איס שטייט פאָר. דאָך טעג זיינען אַוועק און וואָכן, און מען איז צו אים נאָך דעם ענטפער נישט געקומען.

ער האָט געזען נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן. אויב ער וועט זיך נישט וואַרפן אין די אויגן, וועלן זיי אים פאַרגעסן. ער האָט אויסגעמיטן זיינע פריינט און אפילו קיין אַרבעט נישט געזוכט. אַ מענטש, וואָס זיצט דאָס רוב איינגעשלאָסן ביי זיך אין צימער, קאָן דאָך נישט האָבן קיין ווערט פאַר דער אָכראַנקע. ער האָט פאַרלעבט שרעקלעכע טעג. איינזאַם, אַרבעטסלאָז, מיט דער אייביקער אָכראַנקע־מורא אין האַרצן. דאָך צופרידן מיט יעדן איבערגעלעבטן טאָג אין דעם באַוווּסטזיין, אַז נאָך אַ טאָג איז אַוועק, אין וועלכן מען האָט אים געלאָזן צורו.

אָבער ענדלעך האָט ער געמוזט זוכן אַרבעט. ער האָט זי געפונען אין דער צייטונג „דאָס וואָרט". ער האָט ביי זיך אָפּגע־מאַכט, צו האַלטן זיך אָפּגעזונדערט. ער וועט אָפּטאָן זיין אַרבעט און גיין אַהיים. ער וועט זיך אין גאָרנישט מישן און וועט גאָרנישט וויסן. גלייכער אַזוי אויף יעדן פאַל.

אויפן דריטן טאָג האָט ער געקראָגן אַ בריוו, אָן אַן אונ־טערשריפט, פון אַן אומבאַקאַנטער האַנט. מען בעט, ער זאָל צו־קומען אין אָוונט אין אָפּעראַ־הויז.

זיי זיינען שוין דאָ, האָט ער שווער אַ טראַכט געטאָן. עס הייבט זיך שוין אָן. עס איז אים געוואָרן טויט־אומעטיק. ער האָט צונויפגעדריקט דעם בריוו און אַוועקגעוואָרפן. דערנאָך אויפגע־הויבן אים צוריק, אויסגעגלעט אים און נאָכאַמאָל באַטראַכט די אומבאַקאַנטע האַנטשריפט, און איצט אים צוריסן אויף פּיץ־פּיצ־לעך מיט האַרץ און כעס. אָבער ער האָט געפילט, ווי דאָס הויז וואָלט אויף אים איינגעפאַלן.

קיין ספק נישט, אַז דאָס זיינען זיי, דאָך ער וועט צום אָפּעַ־ראַ־הויז נישט גיין. און ער איז טאַקע נישט געגאַנגען. אָבער ער האָט פאַרבראַכט אומרואיקע טעג. ער האָט זיך געפילט אַרומגע־רינגלט מיט אויגן, און אָט רוקט זיך אָן פון הינטן אַ שטאַרקע האַנט און כאַפּט אים אָן ביים קראַגן און טרייסלט אים, און דער אָפיציר זידלט אים. „דו אַזוינער און אַזוינער, פאַרוואָס ביזטו נישט געקומען, ווען מען האָט דיך גערופן?!“

עס פלעגט אים דורכגיין קאַלט און וואַרעם.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען ער איז אינדערפרי אַרויסגע־גאַנגען פון זיין וווינונג, האָט אים באַגעגנט אַ ציוויל־געקליידטער מענטש פון מיטעלן וווּקס מיט אַ ציגן־בערדל. מיט אַ טאָן, וועל־כער דערלאָזט נישט קיין ווידערשפּרוך, האָט יענער אים געזאָגט:

„הער ווילבושעוויטש, איך דאַרף מיט אייך עפּעס איבער־רעדן.“

ווילבושעוויטש איז בלייך געוואָרן און האָט געוווּסט, אַז דאָס איז איינער פון „זיי“. דאָך האָט ער זיך געפונען צו פרעגן מיט אַן אומזיכערער, דערשראָקענער שטימע:

„ווער זייט איר אַזוינס?“

„מיר וועלן איבעררעדן, וועט איר וויסן.“

אַן אומאָנגענעמער בליק, אַ בייזער, אַ גיפטיקער פון צוויי קליינע, פינצטערע אויגן. ווילבושעוויטש האָט געפילט, אַז ער דאַרף אַנטלויפן אָדער אָנהויבן רופן נאָך הילף. ער האָט מורא גע־האַט פאַר דעם מאַן מיט דעם בייזן בליק. ער האָט געציטערט פאַר אים און דער אונטעררעדונג. אָבער יענער האָט געלאַסן און רואיק גערעדט:

„קומט, איך האָב קיין צייט נישט און איר האָט קיין צייט נישט. ווילט איר אפשר אריינגיין צו אייך אין צימער?"

ווילבושעוויטשן איז דורכגעלאָפן אין קאָפּ, אז ער טאָר אים נישט אריינגעמען צו זיך אין צימער, ווייל ער איז געווים עפּעס אויסן דערמיט. ער האָט געענטפערט:

„איך האָב איצטער קיין צייט נישט צו רעדן. איך מוז גיין צו דער אַרבעט."

דער אַנדערער האָט געזאָגט:

„קומט, מיר וועלן נעמען אַ דראָזשקע. איך וועל אייך צו־פירן און מיר וועלן איבעררעדן."

ווילבושעוויטש האָט עפּעס נישט געפונען, ווי אַרויסצודרייען זיך פון דעם אָנבאָט, און אָנגענומען אים.

זיצנדיק אין דער דראָזשקע, האָט דער מאַן אַ זאָג געטאָן מיט אַ ביטערן שמייכל:

„איר ווייסט, איך קאָן אייך איצט שטאַרק קאָמפּראָמיטירן. ווען איך פאָר איצט צו מיט אייך צו אייער דרוקעריי, און איך וועט זיך, אַז דאָרטן זיינען פאַראַן אַ סך, וועלכע קענען מיך..."

ווילבושעוויטש האָט זיך אַ ריס געטאָן. ער האָט געוואָלט אַראָפּשפּרינגען פון דער שנעל־לויפנדיקער דראָזשקע. אָבער דער מאַן האָט אים צוגעהאַלטן מיט אַן אייזערנער האַנט.

„מאַכט קיין קונצן נישט. ווען איר מאַכט נאָר אַ פאַרזוך, ברענג איך אייך אין דער אָכראַנקע, און איר וועט פון דאָרטן מער נישט אַוועק."

ווילבושעוויטש האָט געוואָלט אָנהייבן שרייען. אָבער ער האָט זיין שטימע נישט געפונען. ער איז געבליבן זיצן מאַט און מיד, גאַנץ פאַרלאָרן, נידערגעשלאָגן, צום חלשן שוואַך. אַזוי אריינגעפאַלן! ער האָט אים נישט געוואָלט אַריינגעמען צו זיך אין צימער און — אַריינגעזעצט זיך מיט אים אין דראָזשקע! אַזוי נאַריש!

זיי זיינען צוגעפאָרן צו ערגעץ אַ הויז אין אַ וויטן געסל. אַ פּאָר מענער זיינען צוגעגאַנגען צו דער דראָזשקע און האָבן אָנגעקוקט ווילבושעוויטשן פון אויבן ביז אונטן. איינער האָט

אפילו מיט א שפּילערישער פאַרבויגונג געהאָלפן אים אַראָפּצוגיין פון דער דראָזשקע. און ווילנלאָז, אין זיין גרויסער פאַרלאָרנקייט, איז ווילבושעוויטש אַריין אין דער טיר, וועלכע דער אומבאַקאַנטער מיט דעם ציגן־בערדל האָט אויפגעעפנט פאַר אים. ער האָט זיך געפונען אין א גרויסן צימער מיט ווייניק מעבל. א טיש, א פּאָר שטולן, א בעט. אויף די ווענט בילדער פון דער קייזערלעכער פאַמיליע, פון ראַספּוטינען און פון שטשעגלאָוויטאָוון. די ווינטערדיקע טאָפּל־פענסטער זיינען אַרויס צום געסל. ווילבושעוויטש האָט געזען יעדן פאַרבייגייער און געקאָנט גלויבן, אז יעדער פאַרבייגייער זעט אים. ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, וועלכע איז געווען ווייט פון די פענסטער.

דאָס ציגן־בערדל האָט אים אַנגעוויזן אויף א שטול, האַרט ביי איינעם פון די פענסטער, און, דוכט זיך, אַוועקגעזעצט אים אויף אים, מיט א זייט צום דרויסן. ווילבושעוויטש האָט זיך נאָר געפונען דעם קאָפּ אַראָפּצולאָזן און אָפּצוווענדן זיך פון דער גאַס. פאַרבייגייער זאָלן אים נישט באַמערקן.

דער אומבאַקאַנטער האָט אָנגעהויבן אַרומצוגיין אַרום אים, מיט די פינגער אַרומפּאָרנדיק זיך אין בערדל, לאַכנדיק שטיל און קורץ און נישט אַראָפּנעמענדיק פון אים זיין איינדרינגלעכן בליק, ווי ער וואָלט אים געוואָלט היפּנאָטיזירן, און גערעדט, גערעדט.

„נו, וואָס אזוי פאַרלאָרן? באַגרייפט, אז מיר באַגייען זיך מיט אייך זייער אָנשטענדיק. געוויינלעך באַגייען מיר זיך גאַנץ אַנדערש. פאַרשטייט אַליין, וואָס איז דאָס פאַר אַן אופן? איר האָט פאַרשפּראָכן איבערצולייגן זיך — דאַרף דאָך עס אַמאָל נעמען א סוף. מיר האָבן פיינט, מען זאָל מיט אונז זיך שפּילן. און איר פאַרשטייט דאָך, אז איר האָט זיך נישט געהאַט וואָס איבערצולייגן. איר ווייסט דאָך, אז מיר רעכענען אייך פאַר אַן אונזעריקן. מוזט איר אַרבעטן. וואָס מאַכט איר פאַר א קונצן! שפּאַנט זיך איין און אַרבעט. מיר גיבן אייך נישט קיין אינסטרוקציעס. מיר לייגן אויף אייך נישט אַרויף קיין פליכטן און די אַרבעט איז

א גאַרנישט, אַ קלייניקייט. איר דאַרפט אונז נאָר זאָגן, וואָס איר ווייסט און דאָס איז אַלין."

ווילבושעוויטשן איז געווען, גלייך ווי אַ העסלעכע שפּין וואָלט זיך דאָ באַוועגט פאַר אים און געשפּינט איר נעץ, און עס האָט אים אויך געשווינדערט ווי פון אַ העסלעכער שפּין. ער האָט קוים געקאָנט אַרויסרעדן, מיט פאַרצווייפלונג אין שטימע:

„וואָס ווילט איר פון מיר? וואָס איז מען צוגעשטאַנען צו מיר?"

דער אומבאַקאַנטער האָט קורץ אָפּגעלאַכט, און פּלוצלונג אָנגעשטעלט אויף ווילבושעוויטשן אַ האַס־אָנגעפילטן בליק.

„ווילט איר אפשר אויף אַ פּאָר יאָר אין נארים? ווילט איר אפשר אפריער באַזוכן די קאַלטע מקומות? מיר קאָנען אייך מאַכן היים און קאַלט."

ווילבושעוויטשן איז נישט גוט געוואָרן. אָט־אָט און ער פאַלט אין חלשות.

דער אומבאַקאַנטער האָט געביטן דעם טאָן:

„נו, נו, באַרואיקט זיך, באַרואיקט זיך. איר איבערלייגט אייך נאָר. איבעריקנס, קענט איר אפשר דאַנילעוויטשן?"

ווילבושעוויטש האָט קוים אַרויסגעקרעכצט: „ניין..."

„קיינמאָל אים גאַרנישט געזען?"

„ניין."

„און בלאַטמאַנען האָט איר אויך נישט געזען? אַ נידעריקער יידל מיט ברילן, אַ רויטלעכער מיט זומערשפּרינקלעך — נישט געזען?"

„ניין."

דער אומבאַקאַנטער איז נישט מיד געוואָרן אויסצורעכענען נעמען, אויסצומאָלן זייער אויסזען, אָנצוגעבן זייער באַשעפטיקונג. מיט אַ ווייכן גוטמוטיקן טאָן, אָבער אָפּט אויך פאַרביסן, מיט איינגעהאַלטענעם כעס. און ווילבושעוויטש האָט קוים געהערט. ער האָט געוווּסט, אַז פאַר אים באַוועגט זיך אַ שפּין, און הינטער אים קוקט אַריין אין שטוב די גאַס, און ער דאַרף אויף אַלץ ענטפערן ניין.

ענדלעך האָט דער אומבאַקאַנטער אַרויסגערעדט מיט איינגע־האַלטענעם כעס:

„איך גלויב אייך, אַז איר קענט זיי קיינעם נישט, און וויל אייך מער נישט האַלטן. ווען איך וואָלט נאָר דעם קלענסטן פאַר־דאַכט געהאַט, אַז איר קענט עמיצן פון די, וועלכע איך האָב אויס־גערעכנט, און איר זאָגט נישט דעם אמת, וואָלט איך...״

ער האָט נישט געענדיקט, אָבער זיינע אויגן האָבן אויפגע־בליצט מיט האַס. און דאַן האָט ער געזאָגט, ווידער גוטמוטיק און פריינטלעך:

„פאַרגעסט נישט, אַז איר זייט אונזער מיטאַרבעטער.״

## .5

ווען ווילבושעוויטש איז ארויס אין גאַס, האָט ער בלויז געוווּסט, אַז ס'איז שפּעט און אַז ער האָט נישט וואָס צו גיין איצט צו דער אַרבעט. ער איז אַריין אין אַן אַפּטייק און אָפּגעטעלעפאָנירט: ער פילט זיך נישט גוט און קאָן נישט קומען. כדי מען זאָל אים גלויבן, האָט ער צוגעגעבן, אַז ביז איצט האָט ער געפילט אַזוי שלעכט, אַז ער האָט נישט געקאָנט ארויס פון שטוב צו טעלעפאָנירן. איצט פילט ער זיך בעסער און האָפט, אַז מאָרגן וועט ער קאָנען קומען צו דער אַרבעט אין צייט.

אָבער ער האָט זיך טאַקע ווירקלעך געפילט ווי פאַרטשאַדעט. דער קאָפּ שווער ווי אַ ראָד, אַלע גלידער אָפּגעשפּאַנט. ער איז אַוועק אַהיים. פאַר דער טיר פון זיין וווינונג האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַננאַ ווערבלאָווסקי. ער האָט געמאַכט גרויסע אויגן און איבערראַשט אַרויסגערעדט:

„אַננאַ וולאַדימיראָווּנאַ!"

זי האָט אים מיט אַ שמייכל געגעבן די האַנט:

„שלום־עליכם!"

ער האָט איר געדריקט די האַנט און אַלץ נאָך איבערראַשט געפרעגט:

„ווען זייט איר געקומען? ווי אַזוי?"

זי האָט געלאַכט:

„איר ווילט אַלץ אויסווייסן דאָ הינטער דער טיר?"

ער האָט זיך אַנטשולדיקט:

„איך בין אַזוי איבערראַשט."

אין צימער זיצנדיק האָט זי אים דערציילט, אַז זי איז ערשט הײַנט אינדערפרי אָנגעקומען און אַז ער איז דאָ איר איינציקער באַקאַנטער. זי האָט אים געוואָלט שרייבן און בעטן, ער זאָל קו־מען צו איר, אָבער זי האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף דער איצטיקער פּאָטשט און באַשלאָסן צו באַזוכן אים. ווען זי וואָלט אים נישט געפונען, וואָלט זי איבערגעלאָזן אַ צעטל. פּלוצלונג האָט זי זיך איבערגעריסן און באַמערקט אים, אַז ער זעט שלעכט אויס. וואָס איז מיט אים?

ער האָט מיט אַ שוואַכן שמייכל און אַביסל פאַרלעגן אָפּגעענט־פערט:

„דאַרף דען אַ מענטש שטענדיק גוט אויסזען?"

„יאָ, אָבער ווען ער זעט נישט אויס גוט, פעלט אים עט־וואָס."

ער האָט איבערגעחזרט אירע לעצטע ווערטער אָן קיין שום מיין:

„פעלט אים עטוואָס."

אָבער ווען ער האָט זיי אַרויסגערעדט, האָבן זיי באַקומען אַ מיין.

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע.

ערשט איצט זיינען אויפגעשטאַנען פאַר אים אין פולער קלאָרקייט זייערע באַציאונגען. דאָס, וואָס פאַר דער גאַנצער צייט פון דעם געשפּרעך האָט זיך געטונקלט אין דעם געפיל, איז איצט אַרויסגעטראָטן שאַרף און דייטלעך. פאַר דריי יאָרן האָט ער פאַר־לאָזן זיין געבורטשטאָט, ווייל ער האָט אַרויסגעקראָגן, אַז זיין לי־בע צו אַננאַ ווערבלאָווסקי איז אָן אומזיסטע. איר האַרץ האָט גע־הערט צו אַנדריי בעלקינען. איז ער אַוועקגעפאָרן, אָפּצוראַטעווען זיך, צו פאַרגעסן, אויסגעהיילט צו ווערן.

אויך זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס מען האָט איר דערציילט, אַז ווילבושעוויטש האָט צוליב איר פאַרלאָזן זיין גוטע שטעלע און איז צוליב איר אַוועקגעפאָרן. זי איז רויט געוואָרן.

ער האָט זי שאַרף אָנגעקוקט און נאָכלעסיק אַרויסגע־רעדט:

„וואָס מאַכט בעלקין?"

בײ איר האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן:
„געהרגעט געוואָרן.”
„ווען? ווו?”
„בײ גראָדעק, ווען מען איז אָפּגעטראָטן פון גאַליציע.”
„אההה...”

ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן, ווי צו זאָגן. ער האָט בעלקינען נישט ליב געהאַט. און נישט נאָר ווייל ער איז געווען זיין גליקלעכער קאָנקורענט אין דער ליבע. ער האָט אים נאָך פריער נישט געליבט, ווי א בעל־גאווה, ווי איינעם, וואָס איבער־שעצט זיין ווערט.

נאָך א ווײלע שווייגן האָט ווילבושעוויטש ווידער אַרויסגע־רעדט:
„געהרגעט געוואָרן.”
און גלייך, ווי פאַרכאַפּט זיך:
„וואָס מאַכט איר? וואָס זייט איר געקומען?”

עס איז איינזאַם געוואָרן אינדערהיים און זייער לאַנגוויי־ליק. אַלע באַקאַנטע אַוועקגענומען אין דער מלחמה, א לענגערע צייט איז זי געווען א רויטע־קרייץ־שוועסטער, ביז זי איז אָפּ־געשטאַנען. צופיל בלוט און טויט זיך אָנגעזען. איז אַוועק אין דער גרויסער וועלט. אָפּרוען זיך אַביסל, אָננעמען זיך מיט נייע כוחות.

ער האָט אויפגעלאַכט. די גרויסע וועלט גיט נישט קיין נייע כוחות, נאָר נעמט אַוועק די כוחות.

איצט האָט זי געפרעגט, וואָס ער מאַכט, וואָס ער טוט.
ער האָט איר נישט געוואָלט ענטפערן אויף די פראַגן.
„ניין, איך וויל בעסער רעדן פון דער היים. דערציילט מיר.”

ער האָט אָנגעהויבן פאַרנאַנדערצופרעגן אויף מענטשן און גאַסן. און זי האָט גערן געענטפערט, גערעדט פלייסיק, עס איז זיי ביידן געווען אָנגענעם צו זיין אין דער היים־שטאָט, דורכצו־גיין אַלע באַקאַנטע, איבערלעבן אַמאָליקע יאָרן. און ער האָט גע־קוקט אויף איר און געטראַכט, אז זי האָט זיך ווייניק געענדערט. זי איז אָבער שענער געוואָרן, און אין די אויגן האָבן מסתמא די

ליידן פון די לעצטע יאָרן אויסגעגראָבן אָט די גרויסע טיפקייט, וועלכע זיי האָבן פריער נישט געהאַט. און ער האָט געשפּירט, אַז די געפילן, וועלכע ער האָט געטראָגן צו איר, זיינען בלויז איינ־געשלאָפן.

און פּלוצלונג זאָגט זי אים:

„פאַרוואָס פרעגט איר ביי מיר נישט אויף אייער מוטער?"

„מיין מוטער? איר קענט זי דען?"

„געוויס. באַקאַנט געוואָרן אין דער לעצטער צייט. ביי איר האָב איך דאָך געקראָגן אייער אַדרעס. האָט זי אייך דען גאָרנישט געשריבן?"

ניין. ער האָט שוין לאַנג פון זיין מוטער קיין בריוו נישט געהאַט. אירע אויגן זיינען איר לעצטנס שלעכט און דאָס שרייבן קומט איר אָן שווער.

איצט האָט זי אים געמוזט דערציילן אַ סך פון זיין מוטער. זי האָט גערעדט, און ער האָט געטראַכט, ווי ווייניק זי האָט גע־וווּסט פון אים די גאַנצע צייט. ערשט ווען זי האָט באַשלאָסן צו פאָרן אין דער הויפּטשטאָט, האָט זי אַלץ אויסגעפונען וועגן אים פון זיין מוטער.

ער האָט געוווּסט, אַז עס איז נאַריש, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און געפרעגט:

„און אַזוי די גאַנצע צייט האָט איר גאָרנישט געוווּסט פון מיר?"

זי האָט צוריקגעענטפערט:

„האָט איר געוווּסט פון מיר?"

ער האָט פאַרלעגן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

טאַקע אמת. ער האָט גאָרנישט געוווּסט פון איר. אָבער ער האָט געהאַט אַן אורזאַך. ער האָט געוואָלט פאַרגעסן. זי האָט נישט געוווּסט פון אים, ווייל זי האָט זיך פּשוט נישט אינטערעסירט מיט אים, ווייל ער איז פאַר איר געווען גאָרנישט.

ער האָט עס איר נישט דערקלערט אויספירלעך. ער האָט בלויז אַרויסגערעדט:

„עס איז פאַראַן אַ חילוק."

זי האָט פאַרשטאַנען. קאָקעטיש האָט זי אַרויסגערעדט:

„און איר האָט מיך טאַקע געוואָלט פאַרגעסן?״

ער האָט פאַרלעגן געזאָגט:

„און איר האָט מיך לכתחילה נישט געדענקט.״

זי האָט אויפגעלאַכט. ניין, אַזוי שלעכט איז זי נישט געווען. אַ לאַנגע צייט האָט זי געהערט וועגן אים, נאָכגעפרעגט זיך אויף אים, ביז די אומגליקלעכע מלחמה איז אונטערגעקומען. איבעריקנס, ווי אַזוי איז ער דאָס באַפרייט געוואָרן? די מוטער אַליין איז נישט קלאָר געוועזן אין דעם ענין.

ווילבושעוויטש איז רויט געוואָרן. ער האָט נישט געוואָלט, אַנגאַ זאָל דערפון וויסן. האָט ער דערציילט פון אַ קראַנקהייט, וועלכע איז שוין לאַנג פאַרביי. איצט איז ער אינגאַנצן געזונט. און ער האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ בליק, וועלכער האָט זי געדאַרפט מאַכן פילן זיין גאַנצע געזונטקייט.

זיי האָבן נאָך לאַנג גערעדט. וועגן די צושטאַנדן אויף דעם פראָנט און די צושטאַנדן הינטער דעם פראָנט, וועגן דער נויט און דעם הונגער און דער רעגירונג.

עס איז אים אַזוי אָנגענעם געוועזן צו האָבן זי גאַנץ פאַר זיך. ער האָט זי געהאַט אַלס זיין גאַסט צו מיטיק־עסן, געהאָלפן איר געפינען אַ צימער און איבערצוקלייבן זיך אַהין, און דאַן ווידער געהאַט זי אַלס זיין גאַסט צו אָוונט־ברויט און אין טעאַטער. ער האָט זיך געפילט געהויבן. קיינמאָל איז ער נישט געוועזן מיט איר אַזוי לאַנג אויג אויף אויג. און שיר־שיר האָט ער נישט דערציילט וועגן זיינע שמערצלעכע דערפאַרונגען מיט דער אָכראַנקע. ס׳איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ מינוט, ווען ער האָט געוואָלט אַריינגעמען אירע הענט אין זיינע און זאָגן איר, אַז ער פילט זיך אַזוי נאָענט צו איר און מוז איר דערציילן, וואָס קיינער, קיינער ווייס ביי אים נישט, און זאָל זי אים זאָגן, ווי קאָן ער אָפּטרייסלען פון זיך דעם בייזן קאָשמאַר.

אָבער ער האָט עס נישט געטאָן. ער איז געוועזן זיכער, אַז עס איז נאָך צו־פרי אַריינצונעמען אירע הענט אין זיינע. זי וועט אים נישט לאָזן. און נאָר ביי גרויסער נאָענטקייט קאָן ער עס איר

דערציילן. און אויסערדעם: ער וועט נישט ארויסקומען שיין און סימפּאַטיש פון דער גאַנצער געשיכטע. אַ שוואַכער מענטש, אַן אין־חלשות־פאַלער, איינער, וועלכער לאָזט זיך זידלען און וועלכער האָט נישט געפונען אין זיך קיין קרעפטיקן „ניין!"

זי וועט אים מוזן פאַראַכטן, אָבער ער וויל, זי זאָל זיין גוט צו אים.

ער האָט אפילו איבערגעטריבן זיין ראָליע און באַדייטונג אין זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, רויט־ווערנדיק, אַביסל אומבאַקוועם, וואָס ער באַרימט זיך פאַר איר. אָבער ער האָט ערלעך געפילט, אַז אַזוי וויל ער זיין און אַזוי וועט ער זיין. זאָל זי נאָר זיין גוט צו אים. ביים אָפּשייד גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט איז זיין אַלטע ליבע אויפגעפרישט געוואָרן און אפילו געשטיגן. איצט האָט ער זיך דאָך געקאָנט ריכטן אויף קעגנליבע.

און זי האָט זיך קענטיק געפילט גוט מיט אים. ער האָט זי נאָך געליבט און ליבט זי נאָך מסתמא, און זי איז איצט אַליין און איינזאַם אין דער גרויסער וועלט־שטאָט.

זיי זיינען זיך צוגאַנגען מיט דער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז מאָרגן וועלן זיי זיך ווידער טרעפן. נאָך דער אַרבעט.

.6

זיי האָבן זיך געזעגן טענלעך. ער האָט זי אַריינגעפירט אין דעם קרייז פון זיינע באַקאַנטע, זי איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטערין פון דער צייטונג „דאָס וואָרט".

מיט יעדן טאָג איז ער אַלץ מער און מער פאַרליבט געוואָרן. זי האָט עס זיכער באַמערקט, אָבער זי איז זיך געבליבן גלייך. שטענדיק ווייך, צאַרט, מיט אַ פריינטלעכן שמייכל, אָבער שטענדיק מיט דעם טיש צווישן זיי, אַ געוויסע אָפּגערוקטקייט. איר פריינטלעכע האַנט איז געוועזן אויסגעשטרעקט — אויף נישט צוצולאָזן אים צו־נאָנט. אירע אויגן האָבן געקוקט וואַרעם, — וואַרעם, אָבער מיט אַ געוויסן האַזנבליק: פאַרזיכטיק, אָפּגעהיט, מיסטענדיק זיינע באַוועגונגען. זי פלעגט אים אָפט באַזוכן און קיינמאָל נישט האַלטן זיך היימיש. און ביי זיך אינדערהיים איז זי פאַר אים געוועזן די זייער פריינטלעכע ווירטין.

אָבער ער האָט נישט געמאַכט קיין פאַרזוך צו דערקלערן זיך איר. צווישן אים און איר איז געשטאַנען דער שרעקלעכער קאָשמאַר פון דער „אַכראַנקע". ער איז נישט געווען זיכער מיט זיך, מיט זיין צוקונפט. אינדערפרי האָט ער נישט געוווסט, מיט וואָס וועט זיך ענדיקן זיין טאָג; און אין אָוונט איז ער נישט געווען זיכער, אַז ער וועט דורכשלאָפן די נאַכט. יעדן טאָג און צו יעדער צייט פון טאָג האָט ער „זיי" דערוואַרט. זיי וועלן קומען און „אָנטאָן" זיך אין אים און נישט אָפּלאָזן אים. און ווער ווייס, אפשר צום דריטן מאָל וועלן זיי אים אַוועקנעמען און טאַקע

אוועקשיקן אים אין נארים? און וואָס נאָך ערגער: אפשר וועט ער נישט אויסהאַלטן און עפּעס זיך אויסרעדן, ווי צום ערשטן מאָל, און דאַן איז ער אַ פאַרלאָרענער, מאָראַליש אַ פאַרלאָרע־נער. בײַ אַזעלכע צושטאַנדן, ווי קאָן ער זיך מיט אימיצן פאַר־בינדן?

און ווי קאָן ער אויפדעקן פאַר איר זײַן ליבע און נישט דער־ציילן איר פון דעם, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט מיט דער „אָכראַנ־קע”? אָבער דערציילן איר קאָן ער עס נישט, און באַהאַלטן עס פון איר, ווי פאַרשיידענע אַנדערע זאַכן פון זײַן לעבן, וואָס וועלן בלײַבן פאַר איר אַן אייביקער סוד, קאָן ער נישט. ד ע ר סוד איז נישט אין זײַנע הענט, הענגט נישט אָפּ אָן זײַן ווילן, קאָן אויפ־געדעקט ווערן גאַנץ אומגעריכטערהייט און פאַרמיאוסן אים אין אירע אויגן.

ער איז געווען פאַרצווייפלט. ער וואָלט געקאָנט רייסן אויף זיך די האָר. אַז די פאַרפלוכטע „אָכראַנקע” זאָל זיך אַזוי שטעלן צווישן אים און זײַן גליק! גאָט! ווען זיי וואָלטן אים אין יענער נאַכט אַרעסטירט און פאַרשיקט אין דער קאַלטער איינזאַמקייט פון דעם ווייטן סיבירישן צפון, וואָלט עס געווען אַ גאָרנישט קעגן די מאָראַלישע לײַדן, וועלכע זיי האָבן אים פאַרשאַפט מיט זייער נידערטרעכטיקן אָנבאָט און זייער פאַרברעכערישער צו־שטייעניש צו אים.

און ער איז אויסגעגאַנגען פאַר בענקעניש צו איר. ער איז געשטאַנען פאַר איר, ווי אַן אָנגעשטעקטער מיט אַ געפערלעכער קראַנקהייט, און געוויסנהאַפט אויסגעמיטן יעדע אָנרירונג.

און דאָס ערגסטע: ער האָט געגלייבט, אַז זי וואַרט אויף אַ וואָרט פון אים, ווײַל זײַן ליבעס־דערקלערונג. ער האָט אין אירע אויגן געזען דידאַזיקע דערוואַרטונג, אין אירע באַוועגונגען, אין איר אָטעם. איר שטימע האָט גערעדט צו אים אומגעדולד, שפּאַנונג, וואַרטעניש.

ער האָט געטראַכט: זי וווּנדערט זיך, וואָס איך שווײַג, און ד׳ענקט, אַז איך ליב זי נישט. די אָרעמע!

ער איז געווען זייער צופרידן, וואָס ער האָט זי אַרײַנגע־

בראַכט אין אַ גרויסן קרייז פון מענטשן, און זי האָט געהאַט אַ סך צושטרויאונג. ער האָט זיך אויך געפרייט, וואָס זי איז געפעלן, וואָס זי האָט שטאַרק אויסגענומען. ער איז נישט געווען איפערזיכטיק, אָבער עס האָט אים ווי געטאָן, וואָס די „אַבראַנקע" האָט זיך אַריינגעשטעלט אין צווישן און ער קאָן זי נישט דערקלערן אַלס די ייניקע פאַר דעם גאַנצן קרייז פון די יונגעלייט, וועלכע דרייען זיך אַזוי פּלייסיק אַרום איר.

די טויזנט מאָל פאַרפלוכטע „אַבראַנקע"! —

עס איז שוין געווען פרילינג. דער רוף צום לעבן האָט זיך געשטאַרקט אין ווילבושעוויטשן. עס איז געווען אַן אויפּאַטעמען אין אים. ער האָט אָנגעהויבן אָראָפּצוטרייסלען פון זיך דעם שרעק פאַר דער „אַבראַנקע". ער האָט אָנגעהויבן צו פילן זיך פריי. איצט קאָן ער זי פאַרגעסן און — פאַרשווייגן. און שפּעטער מיט דער צייט וועט ער אַלנאָן דערציילן, פאַרוואָס ער איז אַזוי לאַנגזאַם געווען מיט זיין ליבעס־דערקלערונג.

ער האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען זיך מיט מער מוט. זיין אַנטשלאָסנהייט איז געוואַקסן מיט יעדן נייעם פרילינגס־טאָג — און דער פרילינג איז געווען אַ גאַנץ וואונדערבאַרער, און די טעג זיינען געווען הערלעך.

און אין איין טאָג, ווען ער האָט זיך פאַרן טויער פון דער דרוקעריי צוזעגנט מיט איינעם פון די מיטאַרבעטער פון דער צייטונג, איז צוגעקומען צו אים אַ מאַן מיט אַ פלאַכן, קנאָביקן געזיכט און האָט זיך געווענדט צו אים גראָב, כאַמיש:

„מיט וועמען האָסטו דאָס איצט גערעדט? וואָס טוט ער אין דער טיפּאָגראַפיע?"

אַזאַ איינעם שפּייט מען אָן אין געזיכט. אַזאַ איינעם טראָגט מען אונטער די פויסט און מען שיקט אים צו אַלדי־רוחות. אָבער ווילבושעוויטש האָט זיך פאַרלאָרן. דער גרויטער שרעק האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזן אויף אים. עס איז אים געווען, ווי איבערן רוקן וואָלט אים גערונען עטוואָס גליטשיקס, קאַלט און קלעפּיק. זיינע געדאַנקען האָבן זיך צומישט. ער האָט זיך געדאַרפט אָנטאָן אַ באַזונדער כוח, ער זאָל זיך עפּעס נישט אַרויסרעדן.

מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג פון באַוווסטזיין האָט ער אָנגע־רופן דעם ערשטן בעסטן נאָמען, וועלכער איז אים איינגעפאַלן, און אַ באַשעפטיקונג, וועלכע עקזיסטירט גאָרנישט: דער וואָרטציילער פון דער רעדאַקציע.

דער כאָם האָט צוערשט געוואָלט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט, וואָס דאָס איז פאַר אַ באַשעפטיקונג. ער האָט גע־פרעגט:

„ווי אָפט איז ער אין דער דרוקעריי?"

אָבער איידער ווילבושעוויטש האָט אים געענטפערט, האָט ער דאָך באַשלאָסן צו דערגיין, וואָס דאָס איז פאַר אַ באַשעפטי־קונג, און גראָב אַרויסגערעדט:

„און וואָס איז דאָס אַזוינס אַ „וואָרטציילער"?"

ווילבושעוויטש האָט אויפגעהויבן אויף אים די אויגן. עפּעס ווי לייכטער איז אים געוואָרן. ער האָט באַגריפן, אַז ביי זיין זייט גייט איינער פון די אומאינטעליגענטסטע, אומוויסנדסטע דינער פון דעם ראַספּוטינשן צאַריזם. ער האָט באַשלאָסן צו שפּילן זיך מיט אים אַביסל, אָנציען אים, כדי ער זאָל קיין ווייטערע פראַגן נישט שטעלן. ער האָט מיט אים אָנגעהויבן אויף „דו":

„און דו ווייסט נישט, וואָס איז אַזוינס אַ וואָרטציילער אין אַ רעדאַקציע?"

דער סוביעקט האָט גראָב געזאָגט:

„עס קאָן זיין, אַז איך ווייס, און עס קאָן זיין, אַז איך ווייס נישט, אָבער דו זאָג מיר."

ווילבושעוויטש האָט זיך געוויצלט:

„אַ שאַנדע, אַ מענטש, וועלכער דינט דער רעגירונג, זאָל נישט ווייסן, וואָס איז אַ וואָרטציילער."

„און דו דרייט נישט מיטן עק און זאָג."

„איך האָב געזאָגט. און דו קאָנסט מעלדן: ניכאַנדרעוויטש, וואָרטציילער. אין „אָכראַנקע" וועלן זיי ווייסן."

דער סוביעקט איז בייז געוואָרן.

„איך וועט זיך מיט דיר, אַז דו וועסט מיר באַלד זאָגן."

ווילבושעוויטש איז נישט באַזונדערס נייגעריק געווען אויס־צוגעפינען, וואָס דער כאָם וועט טאָן. ער האָט ווידער דערשפּירט עטוואָס פון דער גרויסער אומרואיקייט אין הארצן. ער האָט גע־מאַכט אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

„איך קאָן עס דיר זאָגן אָן אַ וועט, אָבער געדענק, אַז דו האָסט עפּעס אָפּגעלערנט פון מיר. הער־זשע: אין די רעדאַקציעס קריגן אַ סך שרייבער באַצאָלט פון וואָרט...״

דעם סוביעקט האָט זיך עס נישט געגלויבט.

„פון וואָרט?! און דו לייג בעסער נישט.״

„איך לייג דיר נישט. אַז דו ביזט אַזאַ עם־הארץ, קאָן איך דיר נישט העלפן.״

דער סוביעקט האָט געוואָלט זייער גראָב ווערן:

„און דו רוף מיך נישט „עם־הארץ״!״

„ניין, ווירקלעך ווי וויסטו נישט אַזאַ זאַך? האָסטו גאָר קיינמאָל נישט געהערט, אַז טאָלסטאָי האָט געקראָגן אַ דאָלאַר פאַר אַ וואָרט אין אַמעריקאַנישן זשורנאַל?״

„טאָלסטאָי? וואָס פאַר אַ טאָלסטאָי?״

„גראַף טאָלסטאָי! לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי!״

דער סוביעקט האָט געפילט, אַז ער בלאַמירט זיך. פון וויל־בושעוויטשעס פאַרוווּנדערטן טאָן האָט ער באַגריפן, אַז ער איז מיט דעם „טאָלסטאָי״ מיאוס אַריינגעפאַלן. ער האָט זיך שנעל אומגעקערט צום אָנהייב:

„נו, איז וואָס איז אַ וואָרטציילער?״

„אַז מען צאָלט פון וואָרט, מוז מען דאָך וויסן, וויפל ווער־טער געפינען זיך אין דעם באַטרעפנדיקן אַרטיקל אָדער דערציי־לונג...״

„אהא, איז ציילט ער די ווערטער.״

„אַבי דו האָסט פאַרשטאַנען.״

דער סוביעקט איז געווען צופרידן מיט זיך, וואָס ער איז אַזאַ פאַרשטענדיקער:

„וואָס איז דאָ אַזוינס צו פאַרשטיין? איך האָב שווערערע זאַכן פאַרשטאַנען. אָבער דו ביזט נישט קלוג. פאַרשטייסט נישט,

ווי דו האלטסט אין דער וועלט. ווען דו וואָלסט פאַרשטאַנען, וואָלסטו מיר אַנדערש געענטפערט. אַט דו זאָג מיר, ווהין איז דאָס געכטן אוועקגעפאָרן דיין רעדאַקטאָר?״

„איז מיין רעדאַקטאָר אוועקגעפאָרן?״

„דו לייקן נישט, דו ווייסט.״

„מסתמא אַלס קריגס־קאָרעספאָנדענט.״

„נישט אמת. ער איז אוועקגעפאָרן אין פינלאַנד.״

„אַז דו ווייסט, איז וואָס פרעגסטו?״

„אָבער דו ענטפער, אַז מען פרעגט דיך.״

„איך האָב טאַקע נישט געוווּסט. דאָס האָב איך איצט זיך פון דיר דערוווּסט, ווהין מיין רעדאַקטאָר איז אוועקגעפאָרן. אַז איך וועל מיט דיר לענגער רעדן, וועל איך נאָך זאַכן פון דיר זיך דערוויסן.״

דער סוביעקט האָט באַגריפן, אַז ער איז אַריינגעפאַלן. ער האָט געוואָלט פאַרגלעטן:

„איך האָב גאָרנישט געזאָגט. איך האָב נאָר געזאָגט, וואָס דו האָסט געוווּסט.״

„ניין, איך האָב עס נישט געוווּסט. קאָנסט זיכער זיין, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועל איך דערציילן ווו עס געהערט זיך, ווי פאַרזיכטיק דו ביזט.״

דער אָכראַניק האָט זיך פאַרלאָרן. ער איז איצט אין ווילבושעוויטשס הענט. ער האָט זיך אויסגעזידלט:

„מעגסט גיין צום טייוול, אַט וואָס איך וועל דיר זאָגן.״

„מער האָסטו ביי מיר גאָרנישט וואָס צו פרעגן?״

זיי זיינען שוין געווען ביי ווילבושעוויטשס דירה. דער שפּיאָן האָט אויסגעשפּיגן, גראָב זיך אויסגעזידלט און איז פאַרשוווּנדן.

ווילבושעוויטש איז געבליבן שטיין און האָט אים נאָכגעקוקט. אויף זיינע ליפּן איז געלעגן אַ צופרידענער שמייכל. אַזוי לייכט אָפּצוטרייסלען פון זיך דעם אַגענט, האָט ער זיך קיינמאָל נישט גערעכנט. עס איז אים געוואָרן אַזוי גרינג אויפן האַרצן. דער טייוול איז נישט שטענדיק שרעקלעך: ער האָט אויך זיין קאָמישע

זייט. אָבער דאָס מוז ער איר דערציילן. און אפשר וועט ער איר נאָך מער דערציילן. מיטן געלעכטער וועט ער באַפרייען זיין האַרץ. ער וועט איר דערציילן אַלץ, אַלץ.

אויך פון זיין ליבע. —

ער האָט זיך געלאָזן גיין צו אננאַן אַ גליקלעכער, מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ און אומגעדולדיקע שריט.

אין אננאַס צימער האָט גערעדט אַ מאַן. מיט אַן איינגע־האַלטענער, פאַרזיכטיקער שטימע, מען זאָל אים הינטער דער טיר נישט הערן.

ווילבושעוויטשן איז אומאָנגענעם געוואָרן. ער וועט נישט קאָנען אויסרעדן זיך. ער וועט מוזן אָפּוואַרטן, ביז דער אַנדערער וועט אַוועקגיין.

און פאַרוואָס רעדט דער אַנדערער דאָרטן אַזוי סודותדיק? עפּעס האָט אים געריזט אין דער שטימע.

ער איז געבליבן שטיין און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. זאָל ער אָנקלאַפּן און אַריינגיין? זאָל ער אַוועק צוריק?

פּלוצלונג איז אין צימער אַזוי מערקווירדיק שטיל געוואָרן. דאָס האָבן געקאָנט צוויי מענטשן איבעררייסן זייער געשפּרעך און פאַרזינקען אין שטילע געדאַנקען. אָבער ווילבושעוויטש האָט נישט־ווילנדיק צוגענייגט זיין אויער צו דער טיר. ער איז געווען זיכער, אַז ער הערט עפּעס באַוועגונגען. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר — שוואַך, פאַמעלעך, און גלייך זי אויפגעעפנט, מיט אַ ציטערדיקער האַנט.

אננאַ און זיין פריינט לעגנין זיינען געזעסן אַרומגענומענע און צונויפגענאָסן אין אַ לאַנגן קוש, גאַנץ פאַרגעסן. זיי האָבן דאָס קלאַפּן אין דער טיר נישט געהערט און אויך נישט באַמערקט, אַז די טיר האָט זיך אויפגעעפנט.

ווילבושעוויטש האָט זיך דערשראָקן: עס האָט אים אַ ריס געטאָן אין האַרצן. ער האָט קוים געפונען כוח אויף צוצומאַכן די טיר. און דאַן איז ער אַוועק, שטיל און לאַנגזאַם, מיט דריקנדיקן, האַמערנדיקן האַרץ, מיט זיך אונטערבויגנדיקע פיס, מיט אויגן פאַרלאָפענע פון טרערן.

ער האָט זיך קוים דערשלעפּט צו דער ארויסגאַנגסטיר, אָבער זי נישט געקאָנט געפינען. עס איז אים פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן, און ער האָט זיך געמוזט אָנשפּאַרן אום נישט אומ־צופאַלן. נאָר דאָס געפיל, אז אננא קאָן אים אנטדעקן, האָט אים ארויסגעהאָלפן אין גאַס. ווען איצט וואָלט אים דערזען דער אַגענט פון דער אָכראַנקע, וואָלט ער אים נישט דערקענט. זיין געזיכט איז געוועזן בלייך און פאַרקרימט פון גרויסער לייד.

ווען ער איז געקומען אַביסל צו זיך פון דעם טרייסל און אָפּגעפירט דעם אָטעם פון דער איבערראַשונג פון דער פאַרלוסט־שמאַרץ, האָט ער נאָר געוואָלט דערגיין, ווי און ווען דאָס איז גע־שען, אז אננא האָט זיך פאַרליבט אין לעגנינען. עס וואָלט אים נישט לייכטער געוואָרן, ווען ער וואָלט דאָס דערגאַנגען. דאָס וואָלט אויך די זאַך נישט געענדערט, אָבער דער געדאַנק האָט אים אַמשטאַרקסטן אינטערעסירט.

ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט ער אים ארייננגעפירט צו איר. אַ מענטש מיט מעלות, אָבער נישט איבעריקס: נישט איבעריקס שיין, נישט איבעריקס קלוג, נישט איבעריקס געבילדעט. און דאָך. אין אַ פּאָר וואָכן. געקומען, געזען, געזיגט.

דאַן האָט ער וויטער געטראַכט:

וואָס האָט זי אָפּגעהאַלטן פון אים? פאַרוואָס האָט זי זיך אין אים נישט פאַרליבט? נישט פריער אינדערהיים און נישט איצט. און זיי זיינען דאָך געוועזן אזוי נאָנט דורך אַלע די לעצ־טע חדשים, און זי איז צו אים אזוי גוט געוועזן.

ער איז ארייננעפאַלן אין פאַרצווייפלונג. ער איז אַ לאַ־יוצלח, אַן אומגליקס־מענטש, אַ פריידלאָזער.

פאַרוואָס האָט זיך דוקא אויף אים אָפּגעשטעלט די „אָכ־ראַנקע”? פאַרוואָס האָט זי אויסגעקליבן דוקא אים פון אַלע אָנ־געשטעלטע אין דעם „פרייען געדאַנק”? מסתמא מוז עס דאָך ליגן אין אים. מען קאָן זיך אין אים נישט פאַרליבן, אָבער מען קאָן אים אָננעמען פאַר פּעאיק צו זיין אַ שפּיאָן.

ער האָט נישט אויפגעהערט צו פּייניקן זיך מיט די שווער־סטע געדאַנקען, און האָט זיך נאָך קיינמאָל אזוי עלנט נישט גע־

פילט. ער האָט אפילו א טראכט געטאָן פון זעלבסטמאָרד, אָדער אָנשיכורן זיך. אָבער ווען ער האָט זיך ביטער געפייניקט מיט דעם געדאנק, אז קיינער ליבט אים נישט, האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין מוטער, אויף דער אַלטער פרוי, אין דער ווייטער שטאָט, וועלכע ליבט אים אזוי הארציק און טריי.

אין יענעם אָוונט איז ער אוועקגעפאָרן צו זיין מוטער.

.7

ער איז געפֿאָרן צו זיין מוטער מיט דעם געפיל, אַז ער וועט אויף איר ברוסט אויסוויינען אַלע זיינע ביטערנישן און באַליי־דיקונגען. ער איז געווען אומגעדולדיק. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער אָנקומען צו זיין מוטער און לייכטער מאַכן זיך דאָס קראַנ־קע האַרץ.

אָבער אויפֿן דריטן טאָג פון זיין רייזע האָט ער געהאַט אַנ־דערע געדאַנקען און געפילן.

אין זיין מאַמעס האַרץ לעבט אַ שטאָלץ בילד פון אים. ער טאָר דאָס בילד נישט צושטערן. זי האָט שטענדיק פון אים גע־האַלטן, ביז איבערטרייבונג. ער פלעגט זיך אָפט אפילו שעמען, ווען זיין גוטע מאַמע פלעגט זיך צורעדן מיט אירע פריינט און קרובים פון זיינע מעלות. זי האָט אין אים געזען אייגנשאַפטן, וועלכע ער האָט אין זיך נישט געהאַט, און צוגעשריבן צו אים מאַטן, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געטאָן. נישט ווייל זי האָט געוואָלט ליגן, נאָר ווייל ער האָט פון איר דעם אמת באַהאַלטן. פאַר עטלעכע זאַכן ווערט ער רויט, ווען ער דערמאָנט זיך. אַזוי פלעגט זי גאוההדיק דערציילן וועגן דער וווּנדערבאַרער קריטיק, וועל־כע ער האָט געקראָגן, פאַר דורכפירן אַ געוויסע ראָלע אין אַ ליב־האָבער־ספעקטאַקל. דער רעצענזענט אָדער דער זעצער האָט בלויז פאַרביטן די נעמען: זיין שפילן איז שרעקלעך אַרונטערגעריסן גע־וואָרן, אָבער ער האָט נישט געפונען אין זיך דעם מוט אויפצודעקן איר דעם אמת.

גרויזאַם פאַלט אים איין:

אפשר, ווייל ער האָט דאָס אין זיין כאַראַקטער, איז ער עס אזוי באַשטראָפט געוואָרן? ער איז זייער אומרואיק געוואָרן. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער קומט צו צו זיין לעבנס־רעטעניש.

ווער עס קאָן אַרומגיין און לעבן רואיק פול מיט ליגנס, נאַרט בלויז זיך אַליין, די אַנדערע זעען אים, דערקענען אים. ער איז זיי דאַן אָפּשטויסיק, נישט ליבנסווירדיק, פאַרעכטלעך, שליסלעך זאָגן זיי זיך, אַז אַ מענטש מיט אַזאַ כאַראַקטער קאָן אויך זיין אַ שפּיאָן. אַ שפּיאָן דאַרף זיך דאָך קאָנען אַרויסגעבן פאַר דאָס, וואָס ער איז נישט.

עס האָט אים געוואָרפן אין היץ. גאַנץ באַשטימט: ער מוז האָבן עטוואָס פון אַ שפּיאָן אין זיך. איז עס נישט געווען מעשה־שפּיאָן די אַרט און וויזע, ווי ער האָט צוגעניגט זיין אויער צו דער טיר פון אַננאַס צימער און דערנאָך זי אויפגעעפנט?

ער האָט זיך געפייניקט מיט די אַלע געדאַנקען, געפילט זיך גאַנץ פאַרצווייפלט. איינמאָל האָט ער געטראַכט, אַז ער וואָלט גע־ראַטעוועט געוואָרן פון אַלדי בייזע שיקזאַל־קלעפּ, ווען ער וואָלט זיך באַפרייט פון די ליגנס. די אַבסאָלוטע וואַרהאַפטיקייט וואָלט אים געבראַכט רו און גליק.

אָבער גלייך האָט ער זיך אַליין אויסגעלאַכט. מיסטיציזם!

ניין, ער וועט נישט קאָנען זאָגן זיין מוטער, אַז ער איז אַ שלים־מזל, פאַרלאָזן פון גאָט און אַלע גוטע פריינט. עס וועט זי צוברעכן, ווען זי וועט הערן, אַז די „אָכראַנקע" וויל אים אַריינשלעפּן אין אירע רייען, און וואָס וועט זי אים העלפן אין זיין ליבע, אין וועלכער ער האָט זיך אַליין גענאַרט?

איצט האָט ער געוווּסט באַשטימט, אַז ער וועט זיין מוטער פון זיינע צרות נישט דערציילן. און ווען די איבעראַשטע מאַמע האָט אים געקושט און געהאַלזט און מיט פריידן־טרערן באַנעצט, האָט ער ווייל־יונגעריש דערקלערט איר, אַז עס האָט זיך אים שטאַרק פאַרבענקט נאָך איר, נאָך דער ליבער מאַמעלע — האָט ער געכאַפּט די פּיס אויף די פּלייצעס און היידאַ מאַרש צו איר.

זיין שלעכט אויסזען האָט זי דערקלערט מיט מלחמה־נאָכ־ווייעניש, און זי האָט זיך פאַרשפּראָכן אָפּצוקאָרמענען אים. די טרערן, וועלכע זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן, האָט זי דער־קלערט מיט דער פרייד, וואָס ער איז איצט ביי איר, ביי זיין אַל־טיטשקער, געליבטער מאַמעלע.

אָבער דאָס זיינען געווען טרערן פון בענקעניש נאָך אויס־רעדן זיך, נאָך אויסגיסן דאָס אָנגעווייטיקטע האַרץ, דאָס שווערע געמיט. ווי וואָלט ער איינגעגראָבן זיין קאָפּ אין איר שויס און גוט אויסגעוויינט זיך און אַרויסגעשריען איר, ווי אומגליקלעך ער איז! אָבער ער האָט עס נישט געטאָן. און ווען ער איז געבליבן אַליין אין צימער, ווייל די מאַמע איז אַרויסגעגאַנגען עפּעס איינ־קויפן צוליב דעם ליבן גאַסט, און אויך אָנזאָגן די שכנות די בשורה, אַז איר נאָום איז געקומען, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל און ביטער געוויינט. ער האָט זיך געדריקט צום קישן, אויף וועלכן ער האָט געהאַלטן זיין קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך גע־דריקט צו זיין מוטער און געחזרט: „מאַמינקע, וואָס פאַר אַן אומ־גליקלעכער איך בין!"

דאָך די מאַמע, ווען זי איז געקומען צוריק אַ לאַכנדיקע, אַ שיינענדיקע, אַ גליקלעכע, האָט אים אויך געפונען אַ פריילעכן, אַ שמייכלענדיקן, אַ צערטלעכן. און זיי האָבן פאַרבראַכט דעם גליקלעכסטן טאָג אין זייער לעבן.

און אַזוי האָבן זיך געצויגן גליקלעכע טעג איינער נאָכן אַנ־דערן. דעם גאַנצן זומער האָט ער פאַרבראַכט מיט דער מוטער אין דער פּראָווינץ־שטאָט, וווּ אויך די מלחמה האָט אָפּגעקלונגען ווייט און פרעמד. און ווען ער האָט אָנגעהויבן צו קלייבן זיך ווידער אין וועג אַריין, איז ער זייער צופרידן געווען, וואָס ער האָט איר גאָרנישט דערציילט. זי וואָלט אים נישט געלאָזן אָוועקפאָרן, זי וואָלט געוועזן אומרואיק און אומגליקלעך. אָבער ער האָט זיך גע־פילט געשטאַרקט פיזיש און גייסטיק. איצט האָט ער מער קיין מורא נישט געהאַט פאַר דער „אָכראַנקע". איצט וועט ער מיט זיי דאָרטן אַנדערש רעדן. דערפאַר אויך איז ער געפאָרן צוריק נאָך דער הויפּט־שטאָט. ער האָט זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן. ער האָט

געװאָלט אויפנעמען דעם קאַמף. און ער האָט געװוּסט, אַז ער װעט אַרױס דער זיגער. דעמאָלט װעט ער פֿרײַ אויפאָטעמען, און דעמאָלט װעט ער אויך קאָנען באַפרײַען זײַן נשמה פֿון דעם קאָשמאַר, װעלכער האָט זי אַזױ לאַנג געדריקט, און װעט אַלץ אויסדערצײלן זײַן מוטער און זאָגן איר, װאָס פֿאַרא װוּנדער זײַן זען זיך מיט איר האָט אויפגעטאָן אין זײַן נשמה.

אויך זײַן ליבע האָט אים נישט מער באַאומרואיקט. די פּאָטשט האָט אים אײנמאָל געבראַכט אַ בריװ, װעלכן זי האָט אים געשריבן אויף זײַן אַדרעס אין דער הויפּטשטאָט אַ פּאָר טעג נאָך זײַן אָפּפֿאָר. זי האָט זיך געװוּנדערט, װאָס ער איז פּלוצלונג פֿאַרשװוּנדן און װײַזט זיך גאָרנישט מער. ער האָט דעם בריװ צוריסן און געפֿילט זיך באַפֿרײַט. מער װעט די פֿרוי אין זײַן לעבן נישט אַרײַנקומען.

ער האָט גאַנץ גענוי געװוּסט, װי ער װעט האַנדלען בנוגע צו איר. ער װעט זי אין דער הויפּט־שטאָט נישט אויפזוכן, אָבער אויך נישט אויסמײַדן. דער באַקאַנטן־קרײַז איז דערזועלבער. װען זײ װעלן זיך באַגעגענען, װעט ער זײַן העפֿלעך און קאַלט.

אויפן דריטן טאָג נאָך זײַן אָנקומען אין דער הויפּט־שטאָט, האָט ער צופֿעליק אויסגעפֿונען, אַז זי איז נישטאָ. צופֿעליק, װײַל ער האָט נישט נאָכגעפֿרעגט, אָבער עטלעכע מאָל האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער װאָלט געװאָלט װיסן, װאָס מיט איר איז. און, אַז ער האָט זיך דערװוּסט, אַז זי איז נישטאָ, איז ער אומעטיק געװאָרן. ער האָט געבענקט נאָך איר אָנװעזנהײט אונטער אײן הימל מיט אים, אין די גרענעצן פֿון אײן שטאָט. אָבער ער האָט זיך אויסגעזידלט, געזאָגט זיך, אַז ער איז נאָך נישט פֿרײַ, אַ שװאַכער מענטש, און זאָל זיך אונטערדריען אַן אָכראַניק, װעט ער זיך װידער פֿאַרלירן. ער האָט צונויפגעביסן די צײנער. איצט װעט ער איר געדעכעניש טױטן בײַ זיך אין האַרצן.

װען ער האָט שפּעטער מיט אַ פּאָר װאָכן זי אָנגעטראָפֿן, האָט ער אויפגעציטערט, אָבער גלײַך זיך דערמאָנט, אַז זי איז טױט אין זײַן האַרצן.

זי האָט אים געפֿרעגט אַזױ ליבלעך און פֿרײַנטלעך, װאָס

איז מיט אים געווען, פאַרוואָס איז ער פאַרשוווּנדן, און פאַר־וואָס האָט ער נישט געענטפערט אויף איר בריוו.

ער האָט געוואָלט איר אָפּענטפערן מיט וואָס עס איז. ער האָט אַן אויגנבליק געזוכט אַ גוטן תירוץ. אָבער גלייך איז אויף אים אָנגעפאַלן דער פאַרלאַנג איינמאָל פאַר אַלעמאָל דעם אמת צו זאָגן, צו באַפרייען זיך פון דער קליינמוטיקייט. זיין געזיכט, אויף וועלכן עס איז געלעגן אַ ווייכער, העפלעכער שמייכל, האָט אָנגענומען אַ האַרטן אויסדרוק, און ער האָט אַרויסגערעדט ווי מעגלעך רואיק:

„איך האָב איינמאָל אין אַ טאָג אָנגעקלאַפּט אין אייער טיר — מיט אַ סך, אַ סך אויף מיין האַרצן — און איר האָט נישט גע־ענטפערט אויף מיין קלאַפּן, האָב איך זי אויפגעעפנט. דאָס איז געווען נישט שיין. איך גיב עס צו. זייער נישט שיין. אָבער איך האָב זי אויפגעעפנט. איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. איך האָב מיך געוואָלט אין עפּעס איבערצייגן. זייער געמיין פון מיין זייט. און אַז איך האָב אויפגעעפנט די טיר, האָב איך דער־זען אייך מיט לענגינען...“

זי האָט אויפגעשריען און פאַרדעקט זיך דאָס געזיכט.

ער האָט זי געלאָזט אַזוי שטיין און איז אַוועק פון איר, אַ פרייער, אַ באַפרייטער, אַ געשטאַרקטער. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז געווען אַ מאָמענט פון ניי־געבאָרן־ווערן.

שפּעט אין האַרבסט, אין אַ שווערן, רעגנדיקן טאָג, האָט אים באַגעגנט לעבן זיין וווינונג אַן אַגענט. אַ קליינער, שוואַר־צער, מיט פינטלדיקע אויגן. אויסגעזען ווי איינער, פון וועמען מען היט די קעשענעס. ער האָט זיך געווענדט צו ווילבושעוויטשן, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן:

„ווו זייט איר געווען? פאַרוואָס האָט מען אייך עפּעס אַזוי לאַנג נישט געזען? איר אַרבעט שוין ווידער אין „פרייען גע־דאַנק“? קאָנט איר מיר נישט זאָגן, ווער עס האָט געשריבן דעם אַרטיקל איבער שטורמערן?“

איין מאָמענט שוואַכקייט: ווילבושעוויטש האָט געוואָלט ענטפערן אויף זיין אַלטן שטייגער, אַז ער ווייס נישט. אָבער ער האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז ער איז אַ „ניי־געבאָרענער".

ער האָט אָנגעשטעלט אַ בייזן בליק אויף דעם אַגענט און איבערגעלייגט, צי זאָל ער אים נישט „אַריינפּאָרן" אין באַק. אָבער דער נפש, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, איז געווען אַזוי גרויזאַם שמוציק, אַזוי מיזערן, אַזוי עקלהאַפט, אַז די האַנט האָט זיך נישט געהויבן. ער האָט אָבער אָנגענומען אַ פולן מויל שפייעכץ און אַריינגעשפּיגן דעם אַגענט אין מיטן געזיכט אַריין, פאַרבלענדנדיק אים. און ווערליק יענער, אַן איבערראַשטער און דערשראָקענער, האָט זיך געטריקנט דאָס געזיכט, האָט ווילבושעוויטש אַרויסגערעדט:

„נעם זיך בלויז דיין טייל, דאָס איבעריקע גיב איבער דער אָכראַנקע."

און איז אַריין צו זיך אין הויף. רואיק, געלאַסן, געפּאַסט. ביי זיך אין צימער האָט ער זיך אוועקגעזעצט לייענען אַ צייטונג און נישט דערלויבט זיך צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס ער האָט געטאָן און וואָס די „אָכראַנקע" וועט מיט אים טאָן. שטאָלץ און שטאַרק און אַנטשלאָסן, אַ נייער מענטש, איינער, וועלכער האָט זיך באַפרייט פון זיינע שוואַכקייטן און אַנטדעקט דעם בעסערן מענטש אין זיך.

אָבער נישט פריי. ער האָט שטענדיק געריכט זיך אויף אַ נייער באַגעגעניש. זיין גאַנג אין גאַס איז געווען באַשאָטנט פון אָט דער מעגלעכקייט, און זיינע נעכט זיינען אומרואיק געווען אין דערוואַרטעניש פון שרעקלעכע געסט.

דאָך, קיינער האָט אים נישט באַזוכט, און ער האָט קיינעם נישט באַגעגנט. ביז גאָר צולעצט, אין די ערשטע טעג פון מערץ, ווען צאַר און אָכראַנקע זיינען באַזייגט געוואָרן, האָט ער אָנגעטראָפן אין דעם רווישנדיקן עולם דעם שרעקלעכן סוביעקט מיט דעם ציגן־בערדל און די שפּין־באַוועגונגען. אָבער יענער איז גלייך פאַרשוואונדן אין דער געדיכטקייט פון דעם עולם. ווילבושעוויטש

האַט אים לאַנג אַרומגעזוכט. ער האָט אים געוואָלט אָנכאַפּן פאַר זיין ציגן־בערדל, אַריינלאַכן אים אין געזיכט זיין גאַנצן אַמאָליקן שרעק און איבערגעבן אים צום פאַר פרייד און פרייהייט ווילד־געוואָרענעם עולם. אָבער יענער איז נישט געוואָרן. ווי די ערד וואָלט אים פאַרשלונגען.

.8

און איצט, ווען ער האָט געקאָנט קוקן מיט שטאָלץ אויף דעם קאמף, וועלכן ער האָט דורכגעמאכט, ווען ער האָט אים געוואָלט אַרויסשרייען פון זיך אין אַ לוסטיקער פאַרזאַמלונג פון אַלע זיינע פריינט מיט וויין און געזאַנג, איז ער פּלוצלונג געשטאַנען פאַר דער וועלט פאַרשריבן אַלס געמיינער שפּיאָן, וועלכער האָט געצויגן אַ הינטישן געהאַלט פאַר פאַרברעכערישן דינסט. אָן אויסזיכט אויף פאַרטיידיקונג, אוממעגלעך ריינצוּוואַשן זיך. קיינער וועט אים נישט גלויבן. דער, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין צעטל, איז געשטעמפּלט אויף אייביק.

איינע וואָלט אים געגלויבט: זיין מוטער. איז זי באַלד נאָך זיין אָפּפאָר פּלוצלונג געשטאָרבן. ווען זי וואָלט געלעבט, וואָלט ער אַוועקגעפאָרן צו איר, דערציילט דעם אמת, און אונטער איר טרייסטנדיקער און באַרואיקנדיקער האַנט, וואָלט ער ווי עס איז אַריבערגעטראָגן די גרויסע שווערקייט, וועלכע דאָס לעבן האָט אויף אים אַרויפגעלייגט.

אָדער, ווען אַננאַ וואָלט אים געליבט. זי וואָלט דאָך אים אויך געגלויבט. אָבער איצט וועט זי אויך דענקען, אַז ער איז גע־וועזן אַ שפּיאָן. זי, די מיידל, וועלכע ער האָט געליבט, וועט איצט בענטשן גאָט, וואָס זי איז פון אים געראַטעוועט געוואָרן.

עס האָט אים געשווינדערט.

ווי מאַכן, אַז מען זאָל אים אויסהערן און גלויבן?

ער האָט זיך דערטראַכט.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש און אויפגעשריבן דעם גאַנצן אמת פון זײַן דערלעבעניש מיט דער אָכראַנקע. מיט אַ ציטערנדיקן האַרץ, ברענענדיקע אויגן, באַגיסנדיק זיך אָפט מיט טרערן, וועלכע האָבן זיך צונויפגעמישט מיטן טינט און פאַרקלעקט דאָס פּאַפּיר.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער זיך אַ ווײַלע צוגעהערט צו זײַן קראַנקן האַרץ. דאָס האַרץ האָט אים איינמאָל באַפרײַט פון מיליטער־דינסט, פיליכט וועט עס אים איצט באַפרײַען פון די שווערקייטן פון לעבן. דאָס האַרץ איז אים איצט געווען אַזוי שוואַך און עפּעס איז אין אים פאַרגעקומען, ווי אָט־אָט און עס ווערט צורינען.

נאָר אַ קליינע ווײַלע צוגעהערט זיך און דאַן האָט ער זיך דערשאָסן. עס איז אים געווען, ווי ער וואָלט אַוועקגעלייגט אַ באַגלויביקונגס־שטעמפּל אונטער זײַן אונטערשריפט. אין דעם לעצטן באַוווסטזיינס־מאָמענט, וועלכן דער טויטלעכער שאָס האָט אים געלאָזן, האָט ווי זיסע פרייד דורכגעגאָסן זיך איבער זײַן קערפּער און באַטויבט דעם שמערץ:

איצט וועלן זיי גלייבן!

1917

## 1

ווייל ער האָט געדאַרפט מאַכן אַ לעבן, האָט ער געשריבן צוויי דערציילונגען אַ וואָך פאַר אַ טעגלעכער צייטונג און יעדן ווינטער צוגעשטעלט איינעם פון די יידישע טעאַטערס איינע אָדער צוויי פּיעסן.

ער איז געווען אַ קינסטלער און איז געווען טאַלאַנטפול. ווען ער האָט אָנגעהויבן, איז ער געווען אַ גרויסע האָפענונג. מען האָט זיך פיל פאַרשפּראָכן פון אים. ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער יונגער יידישער ליטעראַטור זיין אייגענע וועלט און זיין אייגענעם קוק אויף וועלט און מענטשן. און אויך זיין אייגענע קונסט אין שפּראַך און פאָרם אַרויסצוברענגען און איבערצוגעבן, וואָס ער האָט געזען און איבערגעלעבט. אָבער ווייל ער האָט געדאַרפט מאַכן אַ לעבן...

האָט ער קיין צייט נישט געהאַט אָפּצושטעלן זיך, אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און אַרומצוקוקן זיך אַרום זיך. ער איז געוואָרן טויב און בלינד צו די גרויסע געשעענישן פון דער צייט. און האָט ער זיך צוגעוווענדט צו זיי, איז עס געווען אויבנאויפיק, פאַרביי־גייענדיק, אפילו לעכערלעך. ער האָט נישט געהאַט די מעגלעכ־קייט צו פאַרטיפן זיך, אויפצונעמען די דערשיינונגען און איבער־צוקאָכן זיי גוט און גרינטלעך אין דער לאַבאָראַטאָריע פון זיין באַדייטנדן טאַלאַנט.

וואָס נאָך ערגער: די צייטונג און דאָס טעאַטער האָבן נישט געוואָלט קיין פאַרטיפונגען. דער עולם, האָבן זיי געטענהט, וויל

נישט קיין טיפע פראָבלעמען, מאַכט זיך נישט אויס פון קונסט. קונסט און טיפע פראָבלעמען זיינען אים לאַנגווייליק, און ער וויל זיך אַמוזירן. דער עולם וויל געקיצלט ווערן. יאָ, נאָר פון אויבן, נאָר פון אויבן, אין דער טיף איז גוט דערטרינקען זיך.

האָט ער אויסגענוצט אַלע באַגעגענישן פון זיין אייגענעם לעבן, הונגעריק אויפגעכאַפּט די פאַרשיידענע געשעענישן אין דעם לעבן פון זיינע פריינט און באַקאַנטע, פאַרוואַנדלט אין קורצע סקיצן און לאַנגע דראַמען יעדעס שטיקל אינטריגע, וועלכע ער האָט דורכגעלייענט אין די צייטונגען, אויסגעטריקנט זיך דעם מאַרך אין אויסטראַכטן מעשיות און צוגעשטעלט פּינקטלעך יעדע וואָך צוויי קיצלדיקע, אויבנאויפיקע דערציילונגען און יעדן סעזאָן איינע אָדער צוויי אַמוזירנדע דראַמען זייט יאָרן און יאָרן. ווייל ער האָט געדאַרפט אַ לעבן מאַכן.

אָבער טיף אין זיך איז ער אומרואיק געוועזן. ער איז געוועזן ערלעך און איז געוועזן אַ קינסטלער. ער האָט געוווּסט, אַז ער טוט נישט ריכטיק. ער פאַרשוועכט זיך אויף נישטיקייטן און אויבערפלעכלעכקייטן און זינדיקט קעגן זיך אַליין און קעגן כּלל, וועלכן ער איז שולדיק די דערפילונג פון אַ האָפענונג, דאָס האַלטן פון אַ פאַרשפּרעך, און טיף אין האַרצן האָט ער זיך געשעמט.

אַרום אים האָט געשטורעמט, און ער איז געשטאַנען אינמיטן און אומגעשטערט געקיצלט דעם עולם מיט די קליינלעכסטע נישטיקייטן. און האָט ער אויפגעכאַפּט עפּעס פונם שטורעם, איז דאָס שטענדיק געוועזן עפּעס אויף צו קיצלען און צו אַמוזירן — אין טאָן און פאָרם און אינהאַלט עטוואָס, וואָס זאָל געפעלן ווערן דעם גרויסן עולם און אַפילו דער איינפאַכסטער „יענטע״. ווייל דאָס האָבן געפאָדערט די צייטונג און דאָס טעאַטער: אויך דער איינפאַכסטער „יענטע״!

אָפט האָט ער זיך אַפילו געפילט אומגליקלעך. דאָס איז געוועזן אין די מאָמענטן, ווען ער פלעגט אויסגעפילט ווערן פון אַ טיפער בענקעניש נאָך אמתן שאַפן, נאָך קינסטלערישן אויסלעבן זיך. ער האָט געהאַט גרויסע פּלענער נאָך פון אַמאָל, כּמעט

פון אָנהייב פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. אָבער איצטער האָט ער מורא געהאַט אַ טראַכט צו טאָן וועגן זיי, און אויך קיין צייט נישט געהאַט. איז ער פּאַרטיק געוואָרן מיט איין קליינער דערציילונג, האָט ער זיך גלייך געמוזט פאַרנעמען מיט דער צווייטער. און אין צווישן איז ער אויסגעפּילט געוועזן מיט אויסטראַכטן און אויפשרייבן לאַנגע אָוונט־אויספילנדיקע פּיעסן — און אַלץ האָט געמוזט זיין אַמוזירנדיק, קיצלדיק, יענטיש.

## 2

איינמאָל האָט ער געקראָגן אַ בריוו, געשריבן אויפן פּאַפּיר פון אַ געוויסער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט, וועלכע גיט זיך אָפּ מיט שטודירן דעם קולטור־צושטאַנד פון פאַרשיידענע אימי־גראַנטן־גרופּן. דער אויף דער שרייב־מאַשין אויפגעשריבענער בריוו איז געווען אונטערגעשריבן: א י ר מ א ר י נ ג ע ל, און די איר־מאַ רינגעל האָט פון אים פאַרלאַנגט אַן אינטערוויו אין אַ פראַגע בנוגע יידישער ליטעראַטור. זי האָט אים געבעטן צו ענטפערן איר שריפטלעך אָדער אָפּרופן זי אין אַ באַשטימטער שטונדע אין איר אָפיס.

ער האָט זי אָפּגערופן. ערשטנס, דאָס איז אים לייכטער גע־ווען, ווי אָנצושרייבן אַ בריוו, דער עיקר נאָך אַן ענגלישן בריוו. צווייטנס, האָט ער געוואָלט הערן איר שטימע. ער וועט דאַרפן זיצן מיט דער אירמאַ רינגעל אַ פערטל אָדער אַ האַלבע שטונדע, האָט ער געוואָלט האָבן אַ באַגריף כאָטש פון איר שטימע.

די שטימע האָט אים געקלונגען האַרט און נישט־פריינטלעך. די אומגעזעענע אירמאַ אויף דער אַנדער זייט פון טעלעפאָן איז געווען וואָרט־קאַרג. אירע איינצלנע ווערטער האָט זי אַרויסגע־רעדט שאַרף, קאַלט, אָפּגעהאַקט. ער האָט זי געפרעגט, ווי ער דאַרף זי טיטולירן: מיס אָדער מיסיס? „מיס,” האָט עס אַרויס־געבראָכט אויף דער אַנדער זייט, אייזיק־קאַלט, ווי אַ פאַרבאָט צו פלירטן. עס איז געווען אַ קול אָן אַ שמייכל אין אים.

ער האָט זיך עפּעס געשראָקן פאַר איר קומען. דאָס מוז

עפּעס זיין אַ בייזע אַלטע מויד. און זיכער אַ מיאוסע. אַ העסלעכ־קייט. ער האָט זיך פאַרקרימט.

אָבער באַלד האָט זיין געזיכט אויפגעלעבט: ער האָט אַ טעמע פאַר אַ דערציילונג! ער האָט זיך געכאַפּט צום שרייב־געציג, אויפגעשריבן מיט גרויסע אותיות: מ י י ן א י נ ט ע ר וו י ו ע ר י ן; אונטערגעפירט אונטער די צוויי ווערטער אַ שוואַרצע ליניע און גענומען אַריינאַרבעטן זיך אין דער דערציילונג.

אין דער אָפּגערעדטער שעה איז ער געזעסן ביי זיין שרייב־טיש איבער דערדאָזיקער דערציילונג. ער האָט שוין געהאַט פאַר־טיק דעם גאַנצן אַריינפאָר. איצטער האָט ער געדאַרפט האָבן די איינצלהייטן און די אַנטוויקלונג. אָבער ער האָט שוין באַשריבן איר אויסזען — דאָס אויסזען פון דער אַלטער, מיאוסער און בייזער מויד מיט אַ קול אָן אַ שמייכל. ער איז געוועזן געשפּאַנט צו זען, צי ער האָט געטראָפן.

ווען ער האָט זי דערזען, איז ער פאַרגאַפט געוואָרן און גע־בליבן אָן לשון.

פאַר אים איז געשטאַנען אַ יונגע מיידל, אין אָנהויב פון די צוואַנציקער, און פון אַ פאַרכאַפּנדיקער שיינקייט. עטוואָס אי־בער מיטל־וווּקס, שלאַנק, קרעפּטיק, קורצע, אָפּגעשאָרענע שאָקאָ־לאַד־האָר, אַ לענגלעך מאַט געזיכט, אין וועלכן יעדע ליניע, ווי יע־דע ליניע פון איר בויגיקער געשטאַלט, האָט גערעדט פון קראַפט, אַנטשלאָסנקייט און גרויסער פאָרנעמקייט. און וואָס פאַרא אויגן! וואָס פאַרא גרויסע, גרויע, דורכדרינגענדיקע אויגן! וויפל קלוג־הייט איז געלעגן אין זיי, וויפל אינטעליגענץ, און וויפל זעלבסט־באַוווּסטזיין.

און וויפל ווייבלעכער רייץ! זי איז געוועזן אָנגעטאָן זייער איינפאַך, אָבער אַלץ האָט פון איר אַראָפּגעזונגען, אַלץ אויף איר האָט געפּרייט דאָס אויג מיט גרויסער ריינקייט און ציכטיקייט.

ער האָט געמוזט נישט־ווילנדיק, ווי בגנבהדיק, אַ פיר טאָן דעם קאָפּ אין דער זייט פון דער אָנגעהויבענער דערציילונג, און אויפגעלאַכט אין זיך. און דערנאָך ווידער אָנגעקוקט די אירמאַ

רינגעל, פארגאפט, אָן ווערטער, ווי אַ ביסן וואָלט אים געבליבן שטעקן אין האלז.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט, נישט דערוואַרטנדיק זיך, ביז ער וועט זי בעטן זיצן, ארויסגענומען פּאַפּיר און בלייפעדער און צו־געגרייט זיך צו שטעלן פראגן און צו פארשרייבן די ענטפערס. זי האָט זיכער באמערקט, וואָס פאַר אַן איינדרוק זי האָט אויף אים געמאַכט. אָבער איר געזיכט האָט עס נישט ארויסגעוויזן. זי האָט אים אָנגעקוקט קאַלט, גלייכגילטיק, אפילו אָן העפלעכקייט. זי איז דאָ געזעסן, ווי אַן אונטערזוכונגס־ריכטער פאַר דעם אָנ־געקלאָגטן. און מיט דעם טאָן פון אַן אונטערזוכונגס־ריכטער האָט זי אויך אָנגעהויבן:

„איך האָב עטלעכע פראגן צו שטעלן, ווילט איר מיר זאָגן...״

ער האָט זי איבערגעריסן:

„וואָס ווילט איר פון מיר וויסן?״

זיין שטימע האָט געקלונגען צונויפגעפרעסט פון איבערראַ־שונג. ער האָט אָפּגעהוסט און איז געקומען אינגאַנצן צו זיך, אויפגעטרייסלט זיך.

זי האָט אים געענטפערט קאַלט:

„דאָס האָב איך אייך געוואָלט זאָגן. איבעריקנס, נישט איך וויל פון אייך וויסן, נאָר די געזעלשאַפט, וועלכע באַשעפטיקט מיך.״

ער האָט גאָר געקלערט, אַז ער וואָלט געוואָלט, זי זאָל אַראָפּ־נעמען דאָס היטעלע, כדי ער זאָל קאָנען זען איר גאַנצן שטערן. אָבער אירע ווערטער האָבן אים עפּעס געגעבן אַ שאָקל און אוועק־געריסן פון דעם געדאַנק. איצט האָט ער געוואָלט וויסן, וואָס האָט זי געמיינט מיט דעם „איבעריקנס״.

„דאָס, וואָס איר האָט געהערט,״ האָט זי געענטפערט האַרט און פּיינטלעך. „די ג ע ז ע ל ש אַ פ ט וויל פון אייך וויסן אייער מיינונג וועגן דער צוקונפט פון דער יידישער ליטעראַטור דאָ אין לאַנד.״

דאָס האָט אים אָבער נישט באַפרידיקט.

„אויב איר אַליין זייט נישט פאַראינטערעסירט אין דער

פראַגע, וועט איר בשום־אופן נישט קאָנען ריכטיק איבערגעבן מיין ענטפער,״ האָט ער געזאָגט.

אַן איראָנישער שמייכל האָט אויפגעלויכטן אין אירע גרוי־סע אויגן.

„ווער׳ט אייך געזאָגט, אַז איך בין נישט פאַראינטערעסירט?״

„פאַרוואָס־זשע באַשטייט איר דווקא, אַז די געזעלשאַפט האָט אייך געשיקט?״

„דאָס איז אויך אמת. איך בין אַן אָנגעשטעלטע פון דער געזעלשאַפט און ניי, ווהין מען שיקט מיך.״

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט איינעם פון זיינע „פּסיכאָלאָגי־שע״ בליקן, מיט וועלכע ער האָט געוואָלט באַווייזן, אַז ער איז דער קינסטלער־פּסיכאָלאָג, וועלכער דרינגט דורך האַרץ און מוח פון זיין וויז־אַ־ווי און פון וועלכן עס איז נישטאָ קיין באַהעל־טעניש. אין אירע אויגן האָט אויפגעבליצט עפּעס פון כעס, און זי האָט אַנטשלאָסן אַרויסגערעדט נאָך אַ ווײַלע שווייגן:

„דער גאַנצער אמת איז — אַז איך פּערזענלעך בין נישט פאַראינטערעסירט אין אייער מיינונג און וואָלט נישט געקומען אויסצוגעפינען זי, אויב אימיצער, וועלכער האַלט זי פאַר וויכטיק, וואָלט מיך נישט געשיקט, און איך, אַלס אָנגעשטעלטע, וואָלט נישט באַדאַרפט גיין, ווהין מען שיקט מיך.״

זי האָט עס אַרויסגערעדט, ווי זי וואָלט אים געוואָלט באַ־לײדיקן. איר קול איז געווען אַ בייטש, וועלכע האָט בייז דורכ־געשניטן די לופט און געלייגט זיך אויף אים מיט האַרבע שמיץ. איר פּראַכט־מויל האָט אָנגענומען אַ זייער האַרטן, פיינטלעכן אויסדרוק, דער בליק פון די גרויסע, גרויע אויגן איז געוואָרן שווערד־שאַרף און פאַרעכטלעך.

ער האָט געפילט די באַליידיקונג, און עס האָט אין אים גע־קאָכט. אָבער ער האָט דערוואַרט אָט דעם ענטפער. ער האָט אין פאָראויס געפילט יעדעס וואָרט. עס איז אים געוואָרן קלאָר, אַז זי קען אים, איז גוט באַקאַנט מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט און האָט פאַר אים קיין שום אַכטונג נישט. ניין, זי פאַראַכט אים אפילו. ער האָט זיך געפילט אויסגעפּאַטשט, דערנידעריקט. זיין

גאַנצע אייגנליבע איז אויפגערודערט געוואָרן, זיין הויכע מייז־נונג וועגן זיין טאַלאַנט האָט זיך אויפגעשטעלט אין אים, ווי אַן אויפגערייצטע, ווילדע חיה. זיינע אויגן האָבן אויפגעבליצט און אויפן צונג האָט זיך געבעטן אַ שאַרף וואָרט. אָבער ער האָט דאָס וואָרט פאַרלאָרן, און דער אויגנבליק איז שנעל פאַרשוווּנדן. די הערלעכע געשטאַלט אויף דעם דערבייאיקן שטול האָט אַרויסגע־שלאָגן ביי אים די וואָפן. און געשלאָגן און באַזינט האָט ער אַרויסגערעדט:

„פאַרוואָס?"

ער האָט געוווּסט, וואָס זי וועט אים ענטפערן. יעדעס וואָרט. אָבער ער האָט עס געוואָלט הערן, שאַרף און שניידנדיק, מיט פאַראַכטונג אין אירע דורכנעמענדיקע אויגן און מיט שפּאָט אין איר שטאָלצער האַרן־שטימע. און זי האָט אים געענטפערט, ווי ער האָט געוואָלט — שאַרף און שניידנדיק, מיט פאַראַכטונג אין די אויגן און מיט שפּאָט אין דער שטימע:

„ווייל אַזוינע שריפטשטעלער, ווי איר, האָבן אַליין קיין צו־קונפט נישט און עס אַרט זיי נישט די צוקונפט פון זייער ליטע־ראַטור. איר האָט גאָר קיין ליטעראַטור נישט, וועלכע איר וואָלט געוואָלט אַנטוויקלען, באַרייכערן. אייך אינטערעסירט נישט דאָס גאַנצע, דער כלל, איר..."

זי האָט געוואָלט נאָך עפּעס שאַרפערס זאָגן, אָבער זי האָט זיך איבערגעריסן מיט כעס־פונקען אין די אויגן, אַרויסגערעדט:

„איר וועט אַזוי גוט זיין און זאָגן מיר, וואָס די געזעלשאַפט וויל וויסן," און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ צום פּאַפּיר.

ער איז געוועזן בלייך. נאָך אַ קליינער פּויזע האָט ער שטיל געענטפערט:

„איך וועל אייך איצט גאָרנישט קאָנען זאָגן."

זי איז אויפגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען: „גוד־באַי!"

ער האָט קוים געענטפערט.

ער איז געוועזן גאנץ צושמעטערט. נישט פון דעם, וואָס זי האָט געזאָגט, נאָר ווייל ז י האָט עס געזאָגט. די אָנקלאָג איז אים נישט ניי געוועזן. זי איז אים געלעגן אין די גלידער. ער האָט נישט געלעבט אין טעות. די, וועלכע שרייבן פאַרן טאָג, האָבן קיין צוקונפט נישט און בויען נישט קיין צוקונפט. ווי די איינטאָגיקע זומער-פייגעלעך, און מעגן זיי ווי גאָר שיין זיין. און ער האָט אפילו אויפגעהערט אין זיינע שריפטן שיין צו זיין. ער האָט זיך אליין וויפל מאָל אָנגערופן מיט די ערגסטע נעמען און אויפגעגעסן זיך אין בייזער זעלבסט-קריטיק, אריינגעשפּיט זיך אין געזיכט זיין גאַנצע ליטעראַרישע טעטיקייט. אָבער אז דידאָזיקע הערלעכקייט זאָל עס זאָגן, אז דערדאָזיקער פּראכט-מויל זאָל ארויסברענגען די קריטיק, אז די גרויסע, באַצויבערנדיקע אויגן זאָלן אויפבליצן מיט כעס און פאַראכטונג...

ער האָט גערויכערט א פּאַפּיראָס נאָך א פּאַפּיראָס, ארומגעגאַנגען איבערן צימער, צוגעזעצט זיך. ווידער ארומגעגאַנגען. ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. ווען זיין אויג איז געפאַלן אויף דער אָנגעהויבענער ארבעט, האָט ער זי ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך צונויפגעדריקט און אַוועקגעוואָרפן אין פּאַפּיר-קאָרב.

באַלד איז ער אַנטלאָפן פון צימער. אָבער נישט צו געזעלשאַפט. ער האָט בלויז ארומגעוואַנדערט איבער די גאַסן, מיט איר געשטאַלט פאַר די אויגן, מיט איר שטימע אין די אויערן. אויפן רוקן האָט ער געפילט איר'ע שמייכל.

די אָוונט-צייטונג און דאָס בוך, וועלכע ער האָט שפּעטער געליינט, ווען ער איז געקומען צוריק אהיים א מידער און אויסגעמאַטערטער, האָבן אים נישט צושטרויט. צווישן די שורות האָט ער געזען און געהערט אירמאַ רינגעל.

ער האָט געהאַט אַן אומרואיקע, נערוועזע נאַכט. און אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט ער איר אָנגעשריבן אַ בריוו, וועלכן ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אין דער שלאָפלאָזיקייט. ער האָט זי געבעטן, זי זאָל זיך מיט אים טרעפן.

ער האָט זי נישט געוואָלט אויפרופן — ער האָט מורא געהאַט פאַר איר קורצן אָפּזאָג.

ער האָט איר בפּעסער געשריבן — ער זאָל האָבן די רייצונג פון אומגעוויסהייט און וואַרטן אין אומגעדולד.

אָבער ער האָט דעם בריוו אַוועקגעשיקט „ספּעשל דעליווערי", כדי ער זאָל גיכער און זיכערער אָנקומען אין אירע הענט.

זי האָט אים גלייך געענטפערט. און נישט אָפּגעזאָגט. ער האָט שיר נישט געקושט איר בריוו.

זיי האָבן זיך געטראָפן אין אַן אָפּטאַון־קאַפע, און ער האָט איר גלייך דערקלערט, אַז ער האָט איר נישט געבראַכט, וואָס איר געזעלשאַפט וויל פון אים וויסן, נאָר ער וויל אויסגעפינען פון איר, וואָס זי ווייס פון אים.

ביי טיי און סיגאַרעט, נאָכלעסיק, זעלטן אָנקוקנדיק אים, האָט זי אים דערציילט, וואָס זי ווייס פון אים. ביז אויף די לעצטע עטלעכע יאָר האָט זי געלייענט אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן. אויך זי איז געווען איינע פון די־יעניקע ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור, וועלכע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ האָפענונג און אַ סך זיך פון אים פאַרשפּראָכן. אָבער די לעצטע עטלעכע יאָר האָט זי אים אויפגעהערט צו לייענען. זיין קונסט איז געוואָרן אַ גאַסנפרוי.

ער האָט אויפגעשווידערט, ווען זי האָט עס אַרויסגעזאָגט. די האַנט, וועלכע האָט געהאַלטן דאָס גלאָז טיי, האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט נערוועז אַ לאַך געטאָן און אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז.

זי האָט עס באַמערקט. אָבער אומברחמנותדיק פאָרטגעזעצט. זי וואָלט זיך נישט געוווּנדערט, ווען זי וואָלט געפונען אין זיינע לעצטע ווערק אַ סך פּלאַגיאַטן, געגנבעטע און איבערגעניצעוועטע זאַכן פון אַנדערע אויטאָרן און אַנדערע שפּראַכן.

ער האָט א טראכט געטאָן, אז אזוי הארט און בייז רעדן קאָן נאָר אימיצער, וועמען ער איז זייער נאָנט געווען, ווער עס האָט ווירקלעך וואָס פארלאָרן אין אים. ער האָט זיך אָנגעשפּארט אָן ווענטל פון שטול, איינגעקוקט זיך אין איר מיט זיין „פּסיכאָלאָגישן" בליק און שטיל געזאָגט, ציילנדיק די ווערטער:

„איר ווייסט, איר האָט מיר א ליגן געזאָגט — אנטשולדיקט! — עס איז געווען נישט אמת, ווען איר האָט געזאָגט, אז איר זייט געקומען צו מיר, ווייל מען האָט אייך געשיקט. איר האָט שוין לאַנג געזוכט די געלעגנהייט צו טרעפן זיך מיט מיר, כדי איר זאָלט מיר קאָנען דאָס אלץ זאָגן, וואָס איר האָט מיר אָנגערעדט היינט און אייערנעכטן."

זי האָט דורכגעלאָזן צווישן די ציינער:

„מעגלעך, אז דאָס איז אמת."

און ער האָט געפרעגט ווייך און צארט:

„פארוואָס נאָר „מעגלעך"? פארוואָס ווילט איר נישט צוגעבן, אז דאָס איז אמת?"

אין דעם מאָמענט האָט זי אויף אים רחמנות געקראָגן. און עס האָט זיך איר געדאכט, אז זי איז געווען אביסל שוין צו־שטרענג. איר בליק איז ווייכער געוואָרן. ער האָט עס גלייך באַמערקט און צורעדט זיך. ווייטער ווייך און צארט.

ער האָט זיך נישט אנטשולדיקט פאר זיין ארבעט. צו וואָס? ער וועט דאָך איר נישט פארשפּרעכן, אז ער וועט זי אויפהערן. ער האָט אויך נישט געזוכט פאר זיך קיין אַנטשולדיקונג. ער האָט געוווּסט: די אַנטשולדיקונג, וועלכע ער קאָן אָנגעבן, איז אויך די אַנטשולדיקונג פון דער גאַסנפּרוי, וועלכע ער פאראכט דאָך. אָבער ער האָט געוואָלט, אז זי זאָל וויסן, אז ער האָט גאָרנישט געגנבעט. ביי קיינעם גאָרנישט פארנומען. ער איז נישט אראָפּגע־זונקען צו דער מדרגה פון א פּלאַגיאַטאָר. אלץ, וואָס איז ארויס־געקומען פון אונטער זיין פּען, איז שטענדיק זיין אייגנס געווען. סיידן דאָ און דאָרטן א סצענע אין זיינער א פּיעסע, א טעאַטער־עפעקטל. דאָס איז א קלייניקייט. און ער האָט געוואָלט, זי זאָל וויסן, אז זייער א סך פון זיינע זאכן פאר די לעצטע יאָרן זיינען

גאָרנישט שלעכטס געווען. און אַ סך זיינען אפילו זייער גוט גע־
ווען, ווערליך עטלעכע מעג ער צורעכענען צו זיינע בעסטע, וועל־
כע ער האָט געשאַפן אין די יאָרן, ווען ער איז געווען די גרויסע
האָפענונג. בלויז די טעאַטער־שטיק... אָבער אין זיי אויך. — —

ער האָט זיך פאַרכאַפּט. ער האָט דערפילט, אַז ער מאַכט זיך
נאָך ביליקער אין אירע אויגן. אירע אויגן האָבן געקראָגן אַזאַ גע־
לאַנגווייליקטן, מידן אויסדרוק.

„ניין, איך רעד נישט דאָס!" האָט ער אויסגעשריען מיט
גרויסע ליידן אין געזיכט, די האַנט צודריקנדיק צום שטערן.

אַ ווײַלע איז ער געזעסן שטום. און דערנאָך האָט ער אָנגע־
הויבן מיט שטאַרן בליק, קוקנדיק פאַרביי איר:

„דער אמת איז... דער אמת איז..."

און ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוליינען דעם אמת וועגן זיך.
מיט גרויסער אָפנקייט און אַ סך שאַרפער, ווי זי האָט גערעדט.
דאָס איז געווען די בייזסטע זעלבסט־קריטיק. אַ גיפטיק אַריינ־
שפּייען זיך אַליין אין געזיכט. אָבער אַזוי רעדנדיק איז ער גע־
וואָרן דער בעסערער, דער גרויסער, דער, וועלכער האָט געוועקט
די גרויסע האָפענונגען. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן טיף אין זיין
נשמה און אַרויפגעבראַכט פון דאָרטן זיינע בענקענישן. די זעאונ־
גען, וועלכע ער האָט פאַרטונקלט דורך דעם כלומרשטיקן ווילן
פון דער מאַסע. זיינע פּלענער, וועלכע ער האָט נישט אויסגעפירט,
ווייל ער האָט געדאַרפט מאַכן אַ לעבן. איצט איז ער געווען דער
שאַפער, דער אייגענער.

פּלוצלינג, אינמיטן רעדן, ווען ער האָט געזוכט אַ פּאַסיק
וואָרט, האָט ער באַמערקט, אַז זי איז זייער אויפגערעגט. אירע
באַקן זיינען געווען שטאַרק פאַרפלאַמט, אירע אויגן האָבן גע־
ברענט. מיט אַלע אירע פיבערן איז זי נאָכגעגאַנגען זיינע געדאַנ־
קען, דורשטיק געשלונגען זיינע ווערטער, מיט קלאַפּנדיקן האַרץ
און ווייט אויפגעעפנטער נשמה.

ער האָט זיך איבערגעריסן און געמאַכט גרויסע אויגן.

„ווי מערקווירדיק!"

און פּלוצלינג איז אים געוואָרן קלאָר: דאָס איז די פרוי, וועלכע גאָט האָט פאַר אים באַשאַפן. דאָס איז די פייער־זייל, וואָס ער האָט געדאַרפט האָבן פאַר זיך זיין גאַנץ לעבן. ווען ער וואָלט זי געטראָפן אין אָנהייב פון זיין שריפטשטעלערישער טעטיקייט, וואָלט ער זיכער נישט פאַרקראָכן אין דער בלאָטע, אין וועלכער ער געפינט זיך איצטער. ער האָט פאַרבלאָנדזשעט, ווייל דאָס ליכט, וואָס גאָט האָט פאַר אים באַשאַפן, האָט אים נישט דערגרייכט אין דער ריכטיקער צייט.

,,פאַרוואָס זייט איר פּלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן?'' האָט זי אים געפרעגט. זי האָט זיך אפילו נישט געפילט פאַרלעגן פאַר איר אויפרעגונג. זי האָט געוואָלט, ער זאָל ווייטער אַזוי רעדן. זי האָט געפילט באַפרייאונג אין זיין רעדן.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך לאַנגזאַם אַרויסגערעדט:

,,אַ מענטש האָט זיך איצט געפונען און דערזען זיין וועג ביי דעם ליכט, וואָס האָט אים אויסגעפעלט.''

ער האָט אויסגעשטרעקט צו איר די האַנט. זי האָט אים דורכגענומען מיט די אויגן, און דערנאָך לאַנגזאַם אַריינגעלייגט איר האַנט אין זיינער.

## 5

און דאָס איז, וואָס דער שריפטשטעלער נפתלי מענקין האָט געטאָן, ווען ער האָט זיך געפונען און דערזען זיין וועג ביים ליכט, וואָס האָט אים אויסגעפּעלט ביז אַהער:

ער האָט צוריסן די מאַנוסקריפּטן, אויף וועלכע ער האָט געאַרבעט, און אוועקגעשריבן אין דער צייטונג, פון וועלכער ער האָט געמאַכט אַ לעבן, אַז ער וועט מער איר מיטאַרבעטער נישט זיין. ער וויל זיך אַביסל אויסרוען פון שרייבן, האָט ער געשריבן, פאַרגעסן דעם כלומרשטיקן געשמאַק פון דעם ליבן פּובליקום, באַפרייען זיך פון דעם כלומרשטיקן ווילן פון דער מאַסע.

און אין דעמזעלבן טאָג האָט ער אויפגעזוכט זיינעם אַ פריינט, אַ פאַרמאַן אין אַ שניידער־שאַפּ, און אָן פאָררעדעס אַ פרעג געטאָן אים:

„ווי לאַנג דאַרף נעמען צו ווערן אַן אָפּרייטאָר?" — —

1920

דאָס איז איר פּלוצלונג איינגעפאַלן. די פילע בריוו און אַנאָנסן אין דער צייטונג האָבן זי אַנגעשטעקט. דאָס טוען דאָך אַ סך, פאַרוואָס זאָל זי עס נישט טאָן? איז זי פּילייכט ווייניקער עלנט?

עפּעס האָט אין איר געשריען קעגן איר שריט. אָבער זי האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן. זי האָט געכאַפּט די פען, צורעכטגעלייגט דאָס פּאַפּיר און אָנגעהויבן צו שרייבן:

„איך בין זיבנאונצוואַנציק יאָר אַלט, שיין, קלוג, געבילדעט, באַלעזן...״

עס האָט איר געעקלט ביי די ווערטער, מיט וועלכע זי האָט זיך רעקאָמענדירט. זי האָט געוואָלט אויסמעקן זיי, צורייסן דאָס פּאַפּיר, אוועקוואַרפן די פען, אָבער זי האָט ווייטער געשריבן:

„פון דער היים אַ געענדיקטע אקושערין־מאַסאַזשיסטקע, דאָ אַ „דרעסמייקערין״. איך פיל מיך זייער עלנט דאָ אין אַמעריקע— זוך איך די באַקאַנטשאַפט פון אַ יונגנמאַן אין מיינע יאָרן און אויך אַביסל עלטער, מיט דיזעלביקע מעלות, וועלכע איך האָב דאָ אויסגערעכנט אין מיר אַליין, וועלכער איז אויך אַזוי עלנט דאָ, ווי איך.״

זי האָט זיך אונטערגעשריבן: „די מיד־געוואָרענע״.

זי האָט געשריבן ווי אין אַ פיבער. עס האָט געברענט אויף איר דער לייב. און ווען זי האָט געענדיקט שרייבן, האָט זי זיך שיר נישט צעוויינט. איר איז שרעקלעך אומעטיק געוואָרן. זי האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזוי עלנט. מיט זודיקע טרערן אין די אויגן האָט זי אויף גיך אָנגעשריבן דעם אַדרעס פון

דער טעגלעכער ציימונג, וועלכע זי האָט שטענדיק געלייענט, אריינגעלייגט דאָס בריוול אין קאָנווערט, פארקלעפּט, ארויפגע־לייגט א מארקע, האסטיק אָנגעטאָן זיך און שנעל ארויסגעלאָפן פון צימער.

טיף ערגעץ אין איר האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען, זי זאָל עס נישט טאָן. דערפאר האָט זי זיך אזוי געאיילט. נאָר נישט צוהערן זיך! זי האָט געוואָלט פארשרייען, פארגוואלטיקן די אנ־דער שטימע. זי האָט פארביסן די ציינער און איז געגאנגען צום בריוו־קאסטן מיט פארצווייפלונג אין יעדן שריט. אלעמען און אלץ אויף להכעיס! אלעמען און אלץ — אירע אמאָליקע אידעאלן, איר גאנצער פארגאנגענהייט.

זי האָט אריינגעוואָרפן דעם בריוו, אָבער ווען זי האָט דער־הערט דעם קלאַפּ פון דעם קאָנווערט אויף דעם אייזערנעם דעק פון דעם בריוו־קאסטן, האָט עס איר א ריס געטאָן אין הארצן. וואָס האָט זי געטאָן?! עס האָט זי געטרייסלט פאר שרעק. זי האָט זיך אינסטינקטיוו ארומגעקוקט, צי האָט עמעצער געזען זי אריינ־ווארפן דעם בריוו. זי איז בלייך און רויט געוואָרן און אוועקגע־גאנגען פון דעם בריוו־קאסטן א פארשעמטע, מיט אן אראָפּגע־לאָזענעם קאָפּ, אין דעם באוווּסטזיין פון א מיאוסן אָפּטו.

זי האָט אָנגעהויבן צו גיין צוריק אהיים, אָבער אויפן מיטן וועג האָט זי חרטה געקראָגן. זי האָט איצט מורא געהאט פאר איר צימער, פאר איר איינזאמקייט. זי האָט געדארפט עפּעס באקלערן, אָבער דאָרטן אין צימער וועט זי קאָנען בלויז וויינען און וויינען.

זי איז אוועק איבער די ווייסע, שניי־באדעקטע גאסן. דאָך זי האָט נישט געקאָנט קלערן, אזוי ווי זי האָט געוואָלט. דער דרויסן האָט זי צושטרויט. צופיל גערויש און באוועגונג. דער בלענדנדיקער שיין פון דעם שניי, דאָס סקריפּען פון רעדער אונ־טער שווערע וואָגנס און דער עיקר די פילע מענטשן מיט זייער לויפן, רעדן, שרייען, לאכן — דאָס אלץ האָט איר געשטערט, גע־ריסן דעם פאָדעם פון אירע געדאנקען.

זי האָט זיך אומגעקערט צו זיך אין צימער. איינגעענגט צווישן די פיר ווענט, איינע אליין, וועט זי בעסער קאָנען טראכטן,

פאַרטיפן זיך אין זיך, געגויער אַרומנעמען די גאַנצע לאַגע, פאַר־שטיין, וואָס זי האָט אָפּגעטאָן. אַריינגייענדיק אין צימער, האָט זי דערפילט, אַז זי וועט זיך צעוויינען. זי האָט זיך געבראָכן און געביסן די פינגער: ניין, נישט וויינען! זי האָט זיך געמאַכט טיי, געוואַרעמט די הענט ביים הייסן גלאָז און געצוואונגען זיך צו טראַכטן אין איין זייט: אין דער אָנגענעמער זייט פון איר אַפּטו. פון ערגעץ־ווו האָט אַרויסגעקוקט דער עקל און דער פּראָטעסט, אָבער זי האָט זיי נישט געלאָזן אויפקומען. זי האָט געהאַלטן אירע געדאַנקען אויף איין פּונקט:

אָט זיצט זי אַליין עלנט, אומבאַקאַנט, קיינער ווייס נישט פון איר עקזיסטענץ, קיינער איז נישט חושד, אַז זי לעבט גאָר אויף דער וועלט, און אָט וועט איר בריוול אָפּגעדרוקט ווערן, אַזוי־פיל און אַזויפיל מענטשן וועלן אים לייענען, און איר נשמה וועט שוין נישט זיין מער אַליין. ערגעץ־ווו מוז דאָך זיין איינער, וואָס האָט דורכגעמאַכט דאָסזעלביקע, וואָס זי, און איר רוף וועט אים צוציען. זי בענקט דאָך נאָך אים, זי שרייט דאָך נאָך אים, און איר בריוול וועט דערטראָגן צו אים איר געשריי, און נישט בלויז צו דעם איינעם. און אומצייליקע נשמות וועלן זיך אָפּרופן אויף איר רוף, סימפּאַטיע־פונקען, ווי די פונקען פון דער דראָטלאָזער טעלעגראַפיע, וועלן זיך צושפּרייטן פון נאָענט און ווייט, און באַלד וועלן זיך אָנהויבן צו שיטן ענטפערס — לייבהאַפטיקע בריוו פון לעבעדיקע מענטשן, און דאַן וועט זי מאַכן די באַקאַנטשאַפט מיט — —

אַך, גאָט, ווי מיאוס! ווי עקלהאַפט!

זי פירט מיט דער האַנט איבער געזיכט און קאָפּ, באַקעמפט דעם שווידער, וועלכער איז איר דורכגעלאָפן, דריקנדיק שטאַרק דאָס הייסע גלאָז אין אירע הענט, און סטאַרעט זיך צו שמייכלען, אָבער זי האָט זיך צעוויינט. דער גרויסער עקל האָט זי אָנגעכאַפּט. זי, זי זאָל אַזוי טראַכטן! זי, וועלכע האָט אַמאָל געקעמפט פאַר נייע אידעאַלן, פאַר אַ נייער מענטשהייט! זי זאָל זיך אַנאָנסירן, זיך אָנבאָטן דורך אַ צייטונג! זי, וועלכע האָט געפּרעדיקט ליבע, האָט זיך איצט אַרויסגעטראָגן אין מאַרק אַריין. קויפט מיך, איך

בין צום פארקויפן! און נאָך ערגער: זי וויל, מען זאָל זי קויפן אויס רחמנות! זי איז עלנט! זי איז אַליין! זי איז זיבנאונצוואַנציק יאָר! זי האָט איר גלויבן פארלאָרן! זי איז מיד געוואָרן! „האָט רחמנות, קויפט מיך!" פאַרוואָס שוין טאַקע נישט ארויס אין גאַס און אָנבאָטן זיך דעם ערשטן בעסטן?! פוי! פוי! פוי!

זי איז אויפגעשפרונגען, האָט אָנגעהויבן ארומצולויפן איבערן צימער, צוגעזעצט זיך און איז ווידער אויפגעשפרונגען. זי האָט זיך נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט. ווי מיאוס! ווי מיאוס! דאָס איז געווען די גרויסע פאַרצווייפלונג. זי האָט געטראַכט פון טויט, פון זעלבסטמאָרד. זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט און געדריקט זיך דעם קאָפּ. גאָט, ווי אומגליקלעך זי איז! ווי אומגליקלעך זי איז! — — —

אָבער אין די קומענדיקע טעג האָט זי געקוקט אין דעם אַנאָנסן־טייל פון דער צייטונג און געזוכט אַן ענטפער אויף איר בריוול. אויס נייגעריקייט. גלאַט אַזוי זיך אַריינגעקוקט.

און דער ענטפער איז נישט אויסגעבליבן. אפילו עטלעכע ענטפערס. איניקע האָבן אָנגעגעבן זייערע אַדרעסן און געבעטן, אַז „די מיד־געוואָרענע" זאָל זיך לאָזן הערן.

דאָס האָט זי פאַראינטערעסירט. זי האָט אָנגעהויבן צו זען די גאַנצע זאַך פון דער קאָמישער זייט. עטלעכע אויף אַ מאָל! אַז זי זאָל אפילו וועלן ענטפערן, וועט זי נישט וויסן, וועמען זי זאָל ענטפערן צוערשט. וועמען אויף טשיקאַווע זאָל זי אויסקלייבן פון די אַלע? זי האָט געשטודירט זייערע באַצאָלטע אַנאָנסן; אין די פּאָר שורות האָט זי געוואָלט דערקענען דעם גאַנצן מענטש. זי האָט אפילו געשטודירט די נעמען און די אַדרעסן, אַקוראַט ווי זיי וואָלטן געקאָנט אויפדעקן איר דעם כאַראַקטער פון דעם שרייבער. זי האָט אַליין געלאַכט. אָבער ווי קלייבט מען אויס? אַלע אַנאָנסן זיינען געווען כמעט אויף דעמזעלביקן נוסח. זי האָט מיט אַ געלעכטער אוועקגעוואָרפן די צייטונג, אָבער באַלד אויפגענומען זי ווידער, און ווידער געלייענט און געשטודירט. זי וועט גאָר אויסקלייבן דעם שענסטן נאָמען. זי וועט וואַרפן גורל. זי וועט זיי

אויסשפּילן. אויף טשיקאַוועס, בלויז אויף טשיקאַוועס. זי האָט אויסגעשריבן אַלע נעמען אויף שטיקלעך פּאַפּיר, אַריינגעוואָרפן זיי אין איר הוט, אויסגעמישט און אַרויסגענומען: מאָריס הורוויץ. איר האַרץ איז שטיין געבליבן. דער מאָריס הורוויץ איז איר פּלוצלונג אַזוי נאָענט געוואָרן, זי האָט אים דערפילט לעבן זיך. נאַרישקייט! זי האָט צוריק אַריינגעוואָרפן דעם צעטל אין דעם הוט, און ווידער אויסגעמישט און ווידער געצויגן. זי האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט: זי וועט ציען דריי מאָל. דער, וועלכער וועט אַרויסגעצויגן ווערן צום דריטן מאָל — דזשייק סטרופּין. — — דער נאָמען געפעלט איר נישט. זי האָט אים צוריק אַריינגעוואָרפן און ווידער אָפּגעמאַכט ביי זיך: זי וועט ציען אַזוי לאַנג, ביז זי וועט גיין שלאָפן, און דער, וועלכער וועט אַרויסגעצויגן ווערן די מערסטע מאָל — — וועט זי אים שרייבן? ניין, זי טוט עס בלויז אויף אַ טשיקאַוועס. זי שפּילט זיך. עס איז דערווייל אַ גוטער צייט־פאַרטרייב.

זי איז זייער שפּעט געגאַנגען שלאָפן. זי האָט געצויגן די צעטעלעך, פאַרשריבן די נעמען, געציילט זיי, געטראַכט פון יעדן באַזונדער — יעדער באַזונדער האָט אָנגענומען ביי איר אַ געוויסע געשטאַלט, אָבער אַז די אויגן האָבן זיך ביי איר אָנגעהויבן קלעפּן, האָט זי צוריסן מיט כעס די צעטעלעך און אַוועקגעוואָרפן זיי מיט עקל. ווי קאָן מען אַזוי משוגע ווערן! — דאָך די אַלע נעמען און די מענער־געשטאַלטן, וועלכע זי האָט צו זיי צוגעשטעלט, האָבן זי איצט נישט פאַרלאָזן, און עס איז איר געווען, ווי זי איז געגאַנגען שלאָפן, אַרומגערינגלט פון זיי אַלעמען.

אויף מאָרגן האָט זי ווידער געלייענט אין די אַנאָנסן. איינער האָט געשריבן: „מיד־געוואָרענע, איך האָב געוואַרט אויף דיר!” זי האָט זיך אפילו דערשראָקן פון די פּאָר ווערטער. אָבער דאַן האָט זי געטראַכט, אַז דאָס מוז זיין אַן אינטערעסאַנטער מענטש. ווי גאַנץ פאַרשיידן פון די אַלע, וועלכע האָבן נעכטן געענטפערט. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו קענען אים. ער מוז אויך אויסערלעך גאַנץ פאַרשיידן זיין פון די אַנדערע. ער איז אַבסאָלוט נישט פון די, וועלכע מען קאָן קריגן אויפן טוץ.

פאַרוואָס זאָל זי אים נישט ענטפערן? וואָס האָט זי מורא צו האָבן? זי וועט זיך באַקענען מיט אים. וועט ער איר נישט געפעלן ווערן, וועלן זיי זיך פאַנאַנדערגיין. אָבער געוויס איז דאָס דער, וועלכן זי האָט געהאָפט צו טרעפן. אַ מיד־געוואָרענער, וועלכער האָט געבענקט נאָך אַ נשמה. צוויי מיד־געוואָרענע, צוויי עלנטע וועלן זיך טרעפן, און אַ ניי לעבן וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף זיי.

זי האָט אים געענטפערט, און ער איז געקומען. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק, העזהדיק אין זיינע באַוועגונגען און אין זיינע רייד. ער האָט זיך באַנומען, גלייך ער וואָלט זי לאַנג געקענט, און אויגן און ליפּן האָבן איראָניש געשמייכלט.

זי איז געזעסן אין ווינקל פון סאָפע, און ער איז געזעסן נישט ווייט פון איר אויף אַ שטול און האָט גערעדט און גערעדט.

ער קען זי, די רוסישע אַקושערין־מאַסאַזשיסטין, וועלכע איז דאָ געוואָרן אַ „דרעסמייקערין", און איז אַזוי מיד געוואָרן, אַז זי אַנאָנסירט אין דער צייטונג. ער פאַרשטייט גוט איר מיד־ווערן. ער קאָן עס איר דערציילן, ווי פון אַ בוך אַרויסגעלייענט. אין דער אַלטער היים איז זי געווען אַ קעמפערין, געעוסקט זיך מיט רע־וואָלוציע, מסתמא אויך געזעסן, און אַז דער קאַמף איז דאָרטן פאַרלאָרן געגאַנגען, איז זי געקומען אַהער. דאָ האָט זי אויך גע־וואָלט איבערקערן אַ וועלט. זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער באַוועגונג, אַריינגעטראָטן אין דער יוניאָן — ער ווייס, ער ווייס — אָבער די היגע טעטיקייט איז איר נישט געפעלן געוואָרן. אַלטעג־לעכקייט, וואָכעדיקייט, קליינלעכקייט. דאָרטן אין דער היים איז עס געווען אַ קאַמף, פאַרבונדן מיט סכנת־נפשות, ער האָט געברענט אין דער נשמה, אויסגעפילט דעם גאַנצן מענטש. דאָ איז ער גע־שעפט, בלויז געשעפט. אָ, ער ווייס. ער אַליין איז געווען אַ לאַנ־גע צייט אין דער באַוועגונג. ער ווייס עס גאַנץ גענוי. געשעפט און נישט מער. די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז ווייט, דאָס גליק פון דער מענטשהייט איז בלויז אַ פראַזע. אַ גוט געשעפט און אַ פעסטע שטעלע זיינען דער עיקר. אַן ערלעכער מענטש קאָן עס נישט, ווערט מיד. זי איז אַזוי מיד געוואָרן. מיד געוואָרן פון שטויסן וואַסער, פון טאָן און גאָרנישט אויפטאָן, פון חאַלאַן

שטענדיק ביים אָנהויב. און די יאָרן גייען אוועק! די — יאָרן — גייען — אוועק!

ער האָט איר גערעדט ווי פון דער נשמה אַראָפּגעלייענט. יאָ, אַזוי איז עס מיט איר געוועזן. אָבער פאַרוואָס שמייכלט ער אַזוי ציניש? עפּעס שרעקט ער זי מיט זיין שמייכל.

און ער האָט ווייטער גערעדט: ער האָט געוואָרט אויף אַזאַ מיד־געוואָרענער. אין יעדער מיידל, וועלכע אָנאָנסירט נאָך באַקאַנטשאַפט מיט אַ מאַן, איז דער פאַרלאַנג נאָך מאַן איבערצייטיק. אין איר, דער מיד־געוואָרענער, וועלכע הויבט זיך אָן צו שרעקן פאַר די אוועקגייענדיקע יאָרן, ערשט רעכט. זי, די אויפגעקלערטע, וועלכע האָט מסתמא דורכגעמאַכט אויך פאַרשיידענע ליבעס־געשיכטן, וועט געוויס איינגיין אויף פאַרשיידענע באַדינגונגען און פאַרבינדונגען. און ער וויל איר מאַכן אַזאַ מין פאָרשלאַג. חתונה האָבן וועט ער מיט איר נישט — —

זי האָט פּלוצלונג אויפגעלאַכט, גאַנץ היסטעריש. זי איז צוגעשפּרונגען צו דער טיר, אויפגעעפנט זי מיט אַ שטויס און פעסט אַרויסגערעדט: „אַרויס!"

מיט אַ ציניש שמייכל אויף די ליפּן האָט ער געמאַכט אַ פּאָר טריט צו דער טיר. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט אים נישט דערלאָזן: „אַרויס! זאָגט איר עפּעס נאָך אַ וואָרט, לאָז איך אייך אַרעסטירן!"

ער האָט אויפגעלאַכט און איז אַרויס. אָבער זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן איבערן טיש און ביטער זיך צעוויינט. דאָס איז איר שטראָף! זי האָט זי ערלעך פאַרדינט. ווי אַזוי האָט זי זיך געקאָנט אַזוי פאַרגעסן?!

און זי האָט געריסן אויף זיך דאָס האָר און ביטער געיאָמערט: לעבן, וואָס האָסטו געמאַכט פון מיר?! לעבן, וואָס וועסטו נאָך פון מיר מאַכן?!

1912

ביי מיין רעכטער זייט אויפן דעק פון דער פראַנצויזישער שיף, וואָס טראָגט מיך נאָך אייראָפּע, ליגט אויף דער שיף־שטול אַ יונגע פרוי. זי איז ביזן מויל איינגעדעקט אונטער דעם שיף־פלעד און נעמט פון מיר נישט אראָפּ די אויגן. טונקל־ברוינע אויגן פון אַ פראַנצויזין אָדער אַן איטאַליענערין. אפשר אויך פון אַ יידישער טאָכטער.

מיר ווערט אומאָנגענעם פון איר אומאויפהערלעכן קוקן. האַלט איך די אויגן אָנגעווענדט אין דער ווייטקייט פון דעם ים און קוק נישט אין איר זייט. זע בעסער צו, ווי די וואַסערן לויפן, לויפן מיט דער שנעלקייט פון אונזער שיף. אומענדלעכע וואַסערן פון אַ רואיקן ים אונטער בלענדנדיקע שטראַלן פון אַ יוני־זון.

ווען זי שטייט אויף און גייט זיך אַביסל דורך, לייען איך שנעל איבער איר נאָמען, וועלכער איז אויסגעשריבן אויף אַ גרינעם צעטל אין קאָפּ פון דעם שטול. איך וויל וויסן, צו וועלכן פאָלק געהערן די צוויי טונקל־ברוינע אויגן, וועלכע האָבן מיך אַזוי אָנגעקוקט. אָבער איר נאָמען זאָגט מיר גאָרנישט. אַן אינטערנאַציאָנאַלער נאָמען, וועלכער קאָן געהערן צו אַ פראַנצויזין, אַן איטאַליענערין אָדער אַ יידישער טאָכטער.

זי גייט אַרום הין און צוריק. אַ דינע, קליינע, צאַרטע פיגור. אַ קליין, שיין, באַוועגלעך געזיכטל. אירע ברוינע האָר אונטער דער שיף־מיץ, וועלכע קליידט איר זייער גוט, זיינען קורץ געשאָרן. אין איר רעכטער האַנט האַלט זי צונויפגעלייגט די שיף־צייטונג, וועלכע דערשיינט דאָ יעדן טאָג.

ווען זי גייט מיטן רוקן צו מיר, קוקט זי אויפן ים; גייט זי מיטן געזיכט צו מיר, קוקט זי מער אויף מיר, ווי אויפן ים. און ווען זי לייגט זיך אויף דעם שטול, נעמט זי פון מיר די אויגן נישט אראָפּ.

גאַנץ מערקווירדיק. קען זי מיך אָדער וויל זי מיך „ווערמפּן", מאַכן באַקאַנטשאַפט? איך לייען אַ בוך און וויל זיך פארגעסן. אָבער איר בליק באַגלייט מיך צווישן די שורות, און אין מיר ליגט וואַרטעניש: וועט זי אָנהייבן צו רעדן אָדער נישט?

און פּלוצלונג דערהער איך איר שטים אין ענגליש:

„אַנטשולדיקט, וואָס איך שטער אייך!"

נישט קוקנדיק אויף דער וואַרטעניש אין מיר, בין איך אי־בערראַשט. עס גלויבט זיך מיר נישט, אַז דאָס מיינט זי מיך, אָדער אַז דאָס האָט זי גערעדט. איך קוק זיך אום אויף איר. זי ליגט איינגעדעקט, אירע אויגן געווענדט אויף מיר. אפשר האָב איך טאַקע אַ טעות געהאַט? איך וויל צוריק אַריינקוקן אין בוך, אָבער זי כאַפּט־אויף די באַוועגונג פון מיינע אויגן און רעדט אַרויס שנעל:

„מעג איך אייך אַ ווײַלע שטערן?"

איך לאָז אַראָפּ דאָס בוך אויפן שויס.

„איר זייט אַ רוס?"

„יאָ, איך בין פון רוסלאַנד."

זי איז צופרידן, וואָס זי האָט געטראָפן. מיין נאָמען האָט איר געזאָגט, אַז איך בין פון רוסלאַנד. זי קען אויך אַ שרייבער מיט אַזאַ נאָמען, און ער שטאַמט פון רוסלאַנד. דאָס הייסט, זי האָט באַגעגנט דעם נאָמען פון דעם שרייבער. ווען שפּעטער דערוויסט זי זיך, אַז איך בין דאָס דער שרייבער, צינדן זיך אָן אירע אויגן. זי דערפרייט זיך.

„אָ, איך האָב אַזוי געוואָלט, אַז דאָס זאָל זיין איר!"

מיינע אויגן פרעגן: פאַרוואָס?

זי נעמט אַרויס די הענט פון אונטערן פּלעד, וויקלט פאַנאַנ־דער די שיף־צייטונג, ווייזט מיר אָן אויף אַן אַרטיקל און פרעגט מיך:

„האָט איר עס געלייענט?״

דאָס איז געווען אַ באָבע־מעשה־אַרטיקל וועגן אַ יונגער רוי־סישער פרוי אָלגאַ גאַראַקאָווו, וועלכע ווערט אָנגערופן דער „ווייבערשער ראַספּוטין״, אָדער דער „ווייבערשער נאַפּאָלעאָן״, אָדער דער „ווייבערשער איוואַן דער גרויזאַמער״. זי, ווערט דערציילט אין דעם אַרטיקל, איז די אמתע הערשערין פון רוסלאַנד. זי האָט אין אירע קליינע הענט מער מאַכט, ווי דער פריערדיקער צאַר. לע־נין, וועלכער ווערט אָנגערופן אין דעם אַרטיקל דער „האַלב־ייד־דיקטאַטאָר״, איז שטאַרק פאַרליבט אין איר און טוט אַלץ, וואָס זי וויל און הייסט. ער האָט שוין פיר אָפיצירן פון דער רויטער אַרמיי געלאָזן דערמאָרדן, ווייל זיי האָבן זיך דערוועגט אָנצוקוקן אָלגאַן מיט צאַרטע אויגן. ער האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט איר, אָבער זי האָט זיך אָפּגעזאָגט, כאָטש זי ליבט אים אויך זייער שטאַרק. זי וויל נישט זיין געבונדן. און זי וועט אים ליבן, כל־זמן ער איז האַר און הערשער. ווען ער וועט פאַלן, וועט זי אים פאַר־לאָזן. ווייל איבער אַלץ ליבט זי מאַכט.

איך האָב שוין געהאַט געלייענט דעם אַרטיקל נאָך פריער און האָב איר גלייך געקאָנט זאָגן מיין מיינונג. אַ לעבערלעבע באָבע־מעשה. איינע פון די פילע, וועלכע ווערן אויסגעטראַכט, אום צו פאַרספּרייטן די עפנטלעכע מיינונג וועגן רוסלאַנד און איר איצטיקער רעגירונג. אַ נאַרישע געשיכטע, אָנגעפּלאָנטערט פון פאַרבּרעכערישע און ליגנערישע זשורנאַליסטן.

איך האָב גערעדט מיט עקל און פאַראַכטונג, אָבער זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט געבעט־אויגן און ענדלעך ווייך אַרויסגערעדט:

„ניין, זאָגט עס נישט...״

איך האָב זי פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט. פאַרוואָס זאָל איך עס נישט זאָגן?

„ווייל איך וויל, אַז דאָס זאָל זיין אמת.״

„וואָס זאָל זיין אמת?״

„אַט די פרוי, וועלכע האָט ליב מאַכט איבער אַלץ אין דער וועלט, וועלכע וויל מער גאָרנישט, ווי נאָר מאַכט, נאָר הערשן,

נאָר בויגן אַלעמען אונטער איר ווילן, און האָט עס אויך דער־גרייכט... אָ, דאָס איז אַזוי גרויס! אַזוי גרויס! אַזוי וווּנדערבאַר!...״

זינט זי האָט איבערגעלייענט דעם אַרטיקל, הערט זי נישט אויף צו טראַכטן וועגן דער אָלגאַ גאַראַקאָוו. אַ פרוי, וועלכע האָט אַלעמען געמאַכט אונטערטעניק אונטער זיך, נאָר ווייל זי האָט געוואָלט — דאָס איז אַזוי גרויס, אַזוי שטאַרק!... נאָר ווייס זי נישט, צי זאָל זי זיין צופרידן, וואָס אָלגאַ איז אויך אַ גרויסע שיינהייט. עס קאָן דאָך זיין, אַז זי האָט אַלעמען אונטערטעניק גע־מאַכט, ווייל זי איז אַזאַ „ליידנשאַפטלעכע שיינהייט״, ווי דער אַרטיקל דריקט אויס. עס קומט אויס, אַז איר לייב איז דער זיגער, נישט איר גייסט, נישט איר ווילן. און זי וואָלט געוואָלט, אַז נאָר דער ווילן צו מאַכט האָט אַרויפגעטראָגן אָלגאַן אַזוי הויך.

אָבער דערביי טוט איר דאָך הנאה, וואָס אָלגאַ איז אַ שיינ־הייט. אַזאַ איינע דאַרף זיין מיט אַלע מעלות. ווען אָלגאַ וואָלט געווען אַ מיאוסע, וואָלט זי עס באַדויערט. איר וואָלט עפּעס גע־פעלט אין אָלגאַן. און די וועלט וואָלט סיי ווי סיי אָנדערציילט חידושים פון אָלגאַס שיינהייט. די וועלט וויל האָבן שיינע געטער און אָפּגעטער, האַ־האַ־האַ...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט אַריבערגעטראָגן איר בליק אין דער ווייטקייט פון דעם ים, וועלכער איז געווען גלאַט און רואיק און אַזוי אומענדלעך מעכטיק.

איך האָב זי באַטראַכט. אירע טונקל־ברוינע אויגן האָבן גע־רעדט פון גרויסער מילדקייט און ווייכקייט, אַפילו ווען זי האָט זיך אַזוי באַגייסטערט פון מאַכט, פון זיגן און הערשן. אירע באַקן זיינען געווען פאַררויטלט מיט אַ מין שווינדזיכטיקער רויטקייט.

מיר האָט זיך פאַרוואָלט וויסן, ווער זי איז, און וואָס זי איז, און איך האָב זי געפרעגט.

זי האָט קוים אַוועקגעריסן די אויגן פון דער ווייטקייט, לאַנג־זאַם צוגעווענדט דאָס געזיכט צו מיר און שוואַך אָפּגעשמייכלט:

„אַן אומבאַדייטנדיקע קינדערגאָרטן־לערערין אין דער שטאָט, וועלכע איז אַזוי באַקאַנט געוואָרן מיט איר נאָמען קאַלאַמאַזו, אין מישיגען.״

איצטער האָט זי זיך צולאַכט:

„איר וווּנדערט זיך געוויס, ווי קומען צו אַן אומבאַדייטנדיקער קינדערגאָרטן־לערערין אין קאַלאַמאַזו אַזעלכע געדאַנקען. ווען איר וואָלט נאָך געוווּסט אַלץ וועגן מיר, וואָלט איר זיך מער געוווּנדערט...״

און ביסלעכווייז האָט זי מיר דערציילט אַלץ וועגן זיך. צום ערשטן מאָל אין לעבן באַגעגנט זי אַ שרייבער. און אַ שרייבער דאַרף מען אַלץ דערציילן. נאָך מער ווי אַ גלח. די אַלטעגלעכע לעבנס־געשיכטע הערט אויף צו ווערן אַלטעגלעך. זי ווערט אַ בוך. און זי האָט דערציילט וועגן זיך, ווי זי וואָלט געלייענט אַ בוך.

זי האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון איר שטעל אַלס לערערין אין דעם קינדערגאָרטן, ווייל זי האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן די קינדער אין דער דיסציפּלין, וועלכע איר שול האָט געפאָדערט. זיי האָבן זי נישט געפאָלגט. קיינמאָל נישט, אַפילו ביי די קלענסטע האָט זי קיין דעה נישט געהאַט. איר שטרענגסטע מינע האָט די קינדער נישט דערשראָקן, און פלעגט זי זיך צושרייען, פלעגן די קינדער אָפּט פאַנאַנדערלאַכן זיך. עס איז געווען, ווי זיי וואָלטן אָנגענומען איר צושרייען זיך פאַר דעם קאָמישסטן שפּאַס. אָבער אויך מיט גוטסקייט און פריינטלעכקייט האָט זי גאָרנישט געקאָנט דערגרייכן. די קינדער האָבן הינטער איר גוטסקייט געפילט שוואַכקייט, צוקראָכנקייט, ווילנלאָזיקייט און זיינען נישט גערירט געוואָרן פון איר.

זי איז אַ טאָכטער פון אַ רייכן קאַלאַמאַזער בירגער. די לערעריי האָט זי זיך אויסגעקליבן אַלס ציטפאַרטרייב. און אַז דערדאָזיקער ציטפאַרטרייב האָט איר דערעסן און איז איר מיאוס געוואָרן דורך דעם אייביקן אומזיסטן קאַמף מיט די קינדער, האָט זי זיך אָפּגעזאָגט פון אים. איצטער האָט זי געוואָלט ווערן אַ שוישפּילערין. אָבער זי האָט באַלד דערקענט, אַז זי האָט נישט דעם טעמפּעראַמענט דערצו. איז זי געוואָרן אַ ביבליאָטעקאַרין. מען דאַרף מיט עפּעס טויטן די צייט! צווישן די פיל ביכער פון פאַרשיידענע לענדער און שפּראַכן איז איר איינגעפאַלן צו מאַכן אַ וועלט־רייזע. ווען די עלטערן וואָלטן געזאָגט ניין, וואָלט זי מסתמא נישט גע־

פאַרן. אָבער זיי האָבן נישט געזאָגט ניין, פאַרט זי. גלאַט אין דער וועלט אריין. לענדער צו זען און מענטשן, אָן קיין שום באַזונדערן אינטערעס, וועט באַזוכן מוזייען און בילדער־גאַלערייען, אָן קיין שום פאַרשטענדעניש פאַר קונסט.

„וואָרום וואָס וויים אַן אַמעריקאַנער מיידל, און דערהויפּט נאָך אַ קאַלאַמאַזער, פון קונסט?"

זי האָט מיך אויפגעלאַכט, איז אַ ווײַלע געבליבן רואיק מיט איר בליק געווענדט צום ים, און באַלד ווידער אָנגעהויבן:

— אָבער איצטער וואָלט איך שטאַרק געוואָלט באַזוכן רוס־לאַנד, פון וועלכער איך האָב מיך אָנגעהערט און אָנגעלייענט אַזוי־פיל שוידערלעכע מעשיות. איך וואָלט געפאָרן גלייך צו דער וווּנ־דערבאַרער אָלגאַ גאַראַקאָוו, דער גרויסער ווילנס־פרוי, דער הער־שערין. איך וויים נישט, וואָס איך וואָלט מיט איר גערעדט. מסתמא וואָלט איך גאָרנישט גערעדט מיט איר. איך וואָלט נאָר געבעטן דערלויבעניש, איך זאָל זי גוט אָנקוקן... זי זאָל זיצן רואיק, און איך זאָל זי גוט אָנקוקן... און אפשר וואָלט איך קיין כוח נישט געהאַט אוועקצוגיין פון איר... וואָלט איך זי געבעטן, זי זאָל מיר דערלויבן נאָכצוגיין נאָך איר, ווי אַ שאָטן, ווערן אַ טייל פון איר, אַ דינסט בײַ איר, אַ וויש־טוך בײַ אירע פיס... עפּעס... עפּעס...

זי האָט גערעדט אויפגערעגט, נערוועז, מיט וווּנדערלעכער בענקעניש. מיר איז איינגעפאַלן איבערצורייסן זי און פרעגן, צי האָט זי ווען געליבט. זי האָט קרענקלעך אויפגעלאַכט:

„געליבט? איך האָב גאָר מורא פאַר מענער!... אין בעסטן פאַל זיינען זיי מיר גאַנץ גלייכגילטיק. פון מיינעטוועגן האָבן זיי נישט געמעגט זיין אויף דער וועלט."

זי האָט העכער אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם פּלעד און צו־געמאַכט די אויגן. באַלד האָט זי זיי אויפגעעפנט און אָנגעקוקט מיך מיד און פאַרלאָרן:

„און איר זאָגט, אַז די גאַנצע מעשה איז אַן אויסגע־טראַכטע?"

„קיין איין אמת וואָרט נישט."

זי האָט אָנגעשטעלט דעם בליק אין דער ווייטקייט פון דעם

ים און קוים באַמערקבאַר געשאָקלט מיטן קאָפּ. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי שטיל, ווי פֿאַר זיך אַרויסגערעדט:

„איך וואָלט עפּעס אַזוי אָרעם געוואָרן!...‟

ווײַט, בײַם עק האָריזאָנט, האָט די פֿאַרגייענדיקע זון באַרירט דאָס וואַסער. אַ רויט קײַלעכדיק שפּיק פֿײַער האָט אָנגעהויבן פֿאַרזינקען אין דער ווײַטער טיפֿעניש. באַלד האָט עס אויסגעזען ווי אַ פֿײַערדיקער קאָלפּאַק, און אָט ווי אַ גרויסער איבערגעקערטער פֿײַער־שיסל, ענדלעך ווי אַן איבערגעקערטער פֿײַער־טעלער. איצטער ליגט אויפֿן וואַסער אַ קוים־מערקלעכער פֿײַער־פּאַס. אַן אויגנבליק בלויז, און ער איז פֿאַרשוווּנדן. ניטאָ מער די זון. ווײַטע וואָלקנס שפּיגלען אָפּ אַ ווײַלע אירע שטראַלן. באַלד פֿאַרבלײַבן זיי אויך. און אומעטיק ווערט עס. מען פֿילט זיך אַזוי פֿאַרלאָזן.

איך קוק זיך אום אויף דער מיידל. זי ליגט אַפּאַטיש, מיד, פֿאַרפֿראָרן. אַ וועלט־רייזערין אַן אַ פּלאַץ פֿאַר זיך אין דער וועלט. אירע בליקן, מיט וועלכע זי האָט באַגלייט די זון, זײַנען געוועזן פֿול בענקעניש. ווי זי וואָלט געוואָלט נאָכגיין נאָך איר און אַראָפּלאָזן זיך מיט איר אין דער ווײַטער טיפֿעניש אויף קיינמאָל נישט קומען צוריק.

דער שריפטשטעלער איז געבעטן געוואָרן אויפצושרייבן אַן אַרטיקל פאַר דעם ערשטן מאַי. ער האָט צוגעזאָגט, דערנאָך באַדויערט, וואָס ער האָט צוגעזאָגט.

מען האָט געוואָלט פון אים אַ יום־טוב־אַרטיקל. מ אַ י זאָל אין אים זיין. די אויפלעבונג אין דער נאַטור און אין דער ענערגיע פון די מענטשן. אויפוואַכונג, און זון, און מוט, און קאַמף, און זיג. דער מאַרש פון די קעמפנדיקע אַרבעטער צו זייער באַפרייאונג, און די באַפרייאונג אַליין.

פאַר דער מלחמה, וועלכע האָט כלומרשט געדאַרפט ווערן אַ קוואַל פון ליכט און איז געוואָרן אַ תהום פון פינסטערניש, האָט ער געשריבן אַזעלכע אַרטיקלען מיט פאַרגעניגן. זיי האָבן אַרויסגעזונגען פון אים. די ווערטער האָבן אַרויסגעטאַנצט פון אים אין ריטם פון פויקן און טאַצן. פרייִלעכע, ליכטיקע, שטאָלצע, זיגרייכע ווערטער.

אָבער אַז ער איז איצטער צוגעקומען צום שרייב־טיש, האָבן זיך אים די הענט נישט אויפגעהויבן.

ער האָט זיך דערשראָקן. דערשראָקן זיך פאַר זיין צוזאָג און פאַר זיין שרייב־טיש. ווי קאָן ער גאָר שרייבן אַזאַ אַרטיקל? איז ער נישט פול אַנטוישונג און ביטערקייט?

ער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויפן ווענטל פון זיין שטול און אַרויסגעקוקט צום שטיקל הימל און צו די מיט גאַרדינען פאַרהאַנגענע פענסטער פון די אַנטקעגנדיקע הייזער, וועלכע זיינען געווען איינגעראַמט אין פענסטער פון זיין צימער.

דאָס שטיקל הימל איז געווען ווי פון בליי. אַ דערעסנדיקער,

איינגעעקשנטער רעגן איז שווער געפאַלן ווי אַן אַקאָמפּאַניאַמענט צו זיינע געדאַנקען. אַ שטיקל נאַסע וועש איז געהאַנגען אין דער הויך, פאַרלאָזן און עלנט, אויף אַ וועש־שטריק. אַ דרויסן, ווי אים אויפן האַרצן.

ער האָט געזוכט אַ בילד פאַר זיינע טרויעריקע געדאַנקען. ער האָט עס געפונען.

אַ צוקריגטע פאַמיליע ביי אַ יום־טוב־טיש. טאַטע, מאַמע, ברידער, שוועסטער, אַלע צוקריגט. אויף מעסער. רעדן קיין וואָרט נישט צווישן זיך. ווילן זיך איינע די אַנדערע נישט העלפן, נישט דערלאַנגען עפּעס איינע די אַנדערע. און מוזן זיי עס טאָן, איז עס מיט רוגזה. אַ וואָרף, אַ שאַר, אָן אַן אויפבליק. זיי קוקן זיך בכלל נישט אָן. ווייל אַ קוק וואָלט געקאָנט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַן איינלאַדונג צו שלום, צו איבערבעטן זיך. און גיט מען אַ קוק — איז עס אַ קוק, אין וועלכן מען קאָן קיין טעות נישט מאַכן. אַ קינזשאַל, דורכצושטעכן.

איבער־אַ־יאָר וועלן זיי זיך מער צום יום־טוב־טיש נישט צו־נויפקומען. און נאָך אין אַ יאָר וועט דער יום־טוב אויפהערן צו זיין פאַר זיי אַ יום־טוב.

ער האָט געזען די פאַמיליע פאַר זיך. אויסגעמאָלט זיך טאַטע, מאַמע, ברידער, שוועסטער. דורכגעפילט זייער שנאה און בייזקייט. די פעלקער־פאַמיליע, דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט.

ער איז געבליבן שטיין מיט זיין גייסטיקן אויג ביי איין עק טיש, ביי זיין אייגענעם ווינקל. זיין געדאַנק האָט אים אַריינגע־שלעפּט, אַראָפּגעשלעפּט אין די איינצלהייטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. און עס איז אים געוועזן, ווי ער וואָלט אַראָפּגעזונקען אין אַ קאַלטן, נאַסן, ליימיקן, שליימיקן אָפּגרונט.

אַ באַוועגונג, וועלכע איז געוואָרן אַ געשעפט, אַ קרעמל, אַ לעבן־מאַכעריי, אַ פּאָליטישע מאַשין, וועלכע פאַרזאָרגט בלויז די מענטשן אַרום דער מאַשין. אַ קוואַל פון דעמאָראַליזאַציע און דע־מאַגאָגיע. פירער, וועלכע פאַרפירן. געפירטע, וועלכע קימערן זיך אום גאָרנישט, אַזוי לאַנג, ווי זייער ברויט־קאַרב הענגט נידעריק. קויפלעכקייט, פאַרקויפלעכקייט, גענגסטעריזם אין פולן גאַנג.

אַ שטופּעניש צו פירערשאַפט. נישט ווייל מען וויל ב ע ס ע ר פירן, אָרנטלעכער, אמתדיקער, טרייער, איבערגעגעבענער, נאָר ווייל די פירער־שטעלן באַצאָלן זיך בעסער. גיבן מאַכט און רייכטום.

וואָס איז דער מאַי־יום־טוב אין אַזאַ קעסל־גרוב פון נידער־טרעכטיקייט און געמיינהייט? — —

זיינע ציינער זיינען געווען צונויפגעביסן. זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. ער האָט געזען שוואַרץ אין שוואַרץ, געזוכט בי־טערע ווערטער — אָבער־קליידער פאַר זיינע געדאַנקען.

פּלוצלונג האָט ער דערפילט אויף זיין האַלז די צאַרטע, וואַ־רעמע ווייכקייט פון זיין פרוים אָרעמס. זי איז געשטאַנען הינטער אים אַ לעבעדיקע, אַ לאַכנדיקע.

„ווי שטייט דאָס מיט דיין אַרבעט, ליבער?"

ער האָט אויפגעוואַכט פון זיינע געדאַנקען און מיד אַרויסגע־רעדט פון אונטער זיין שווערקייט:

„מיין אַרבעט?"

ער האָט טרויעריק אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט צום טיש.

„דו האָסט זי נאָך גאָרנישט אָנגעהויבן?"

זי האָט אים געגלעט די האָר און שטיל און צערטלעך אַ קוש געטאָן אויפן שטערן:

„אַ שווערער אָנהויב!"

און עפּעס האָט זיך אין אים אַ באַוועג געטאָן. און עס איז אים קלאָר געוואָרן.

א ש ו ו ע ר ע ר אָ נ ה ו י ב.

אַלץ איז ערשט אין אָנהויב.

מען דאַרף נישט מעסטן מיטן לעבן פון דעם איינצלנעם. דע־מאָלט איז עס פאַרצווייפלונג. מען דאַרף מעסטן מיט דעם לעבן פון דער אַלגעמיינהייט, ווייל די גאַנצע אַרבעט איז דאָך פאַר דער אַלגעמיינהייט. אָבער דעמאָלט איז אַלץ ערשט אָנהויב.

אַלע גרויסע מענטשלעכע אידעען — אמת, יושר, ברודער־לי־בע; נישט־מאָרדן, נישט־גנבענען, נישט־גלוסטן — זיי אַלע שטייען נאָך ביים אָנהויב. טויזנטער און טויזנטער יאָרן ביים אָנהויב, ביים

שוועל, קלאַפּן נאָך אין טיר. זיי האָבן נאָך דעם מענטש נישט דער־גרייכט.

וואָס איז מיט דעם פאַרגליכן די קורצע צייט פון דער באַוועגונג פאַר דער באַפרייאונג פון די אַרבעטער?

אַן אָנהויב פון אַן אָנהויב פון אַן אָנהויב...

ער האָט זיך געווענדט צו זיין פרוי:

„אַ דאַנק דיר, וואָס דו ביזט אַריינגעקומען. איצטער וועל איך שרייבן."

זי האָט זיך געוווּנדערט:

„איך האָב דאָך גאָרנישט געזאָגט!"

ער האָט אַרויפגעקוקט צו איר מיט וואַרעמע אויגן:

„דו האָסט מיר געבראַכט דאָס נויטיקע וואָרט — אַן אויס־בליק — און ליבע."

און ער האָט שטיל איבערגעחזרט:

„אַן אויסבליק אין ליבע..."

1924

אין א גרויסן, גרויסן הויף איז געלעגן א ריזיקע מאסע רי־מער. נישט איבערצוציילן, נישט מיט אן אויג ארומצונעמען.

איינציקווייז, יעדע באזונדער, ווי זיי וואלטן איינע צו דער אנדערער קיין שייכות נישט געהאט, האבן זיי זיך געוואלגערט אונטער אלע פיס.

ווער עס האט געהאט גאט אין הארצן און ווער עס האט נישט געהאט גאט אין הארצן, האט געטראטן אויף זיי.

זיי זיינען געווען אין אלעמענס אויגן אזוי ביליק, ווי מיסט, אזוי נארנישטיק, ווי דער איבעריקער שמוץ פון הויף.

און זיינען א סך פון זיי געלעגן אין א קופע, זיינען זיי גע־ווען נאר איין גרויסע קופע מיסט.

ווייל זיי זיינען נישט געווען צונויפגעבונדן, און דאס קלענ־סטע הינטל אדער הינדל האט זיי געקאנט פארנאנדערשארן מיט איין פיסל.

און פאר דעם קלענסטן ווינט זיינען זיי געפלויגן ווי שטויב, פון וועלכן מען האט אפגעקערט די קעפ און צוגעמאכט די אויגן.

האט עס אזוי אנגעהאלטן א לאנגע צייט, ביז די ריטער האבן זיך געכאפט, אז זיי קאנען זיין עפעס א סך מער.

עפעס א סך מער, ווי מיסט פאר יעדן חזיר, הונט און הון, עפעס א סך מער, ווי שטויב פאר א ליאדע ווינט.

זיי דארפן זיך נאר צוזאמענגעמען און צונויפבינדן זיך אין איין גרויסן, מעכטיק־גרויסן בעזעם.

און עס וועט זיך אנהויבן א נײַ לעבן.

אַנשטאָט געטראָטן צו ווערן פון די פיס, וועלן זיי קאָנען געבן איבער די פיס. אויף דערויף זיינען זיי דאָך ריטער.

אַנשטאָט געטראָגן צו ווערן פון ווינט מיט דעם איבעריקן שטויב, וועלן זיי אַליין ווערן דער ווינט, וועלכער וועט פאַר זיך טרייבן דעם איבעריקן שטויב. אויף דערויף וועלן זיי דאָך זיין אַ בעזעם.

און הון און האָן און הונט און חזיר וועלן זיך אפילו נישט דערוועגן צוצוגיין צו זיי, ווייל זיי וועלן דערקענען דעם כח, וועלכער ליגט אין ריטער, ווען זיי פאַרייניקן זיך אין אַ בעזעם. —

און אַזוי איז עס טאַקע געוועזן.

הו־הא, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן צו טאָן אין הויף, ווען די אומצייליקע ריטער האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרבינדן אין איין בעזעם!

מען האָט גלייך פאַרשפּירט גאָר אַ גאַנץ נייע אָרדענונג אין הויף, און הון און האָן און הונט און חזיר זיינען שטאַרק אומרואיק געוואָרן.

דער גרויסער, אַלץ גרעסער וואַרנדיקער בעזעם האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ מורא, און זיי האָבן געמוזט אָנהויבן צו ענדערן זייערע געוווינהייטן.

די ריטער, די אומגליקלעכע, אונטער די פיס געטראָטענע, פאַר מיסט גערעכנטע ריטער, האָבן דערקענט זייער גרויסע מיסיע, ווי זיי האָבן זיך נאָר פאַרבונדן אין איין בעזעם.

קערן! זיי דאַרפן קערן! אויסקערן דעם גאַנצן הויף! אויסקערן אים מיט שטויב און שטאַל און שייער!

און הון און האָן און הונט און חזיר האָבן שוין נישט געקאָנט מער רואיק איינליגן.

עס האָט אָנגעהויבן אויסצוזען, אַז דער בעזעם, די פאַרבינדונג פון די ריטער, פון די אומגליקלעכע, אונטער די פיס געטראָטענע, פאַר מיסט גערעכנטע ריטער, וועט גאָר באַלד ווערן דער גאַנצער באַלעבאָס אין הויף. —

דאַרף זיך מאַכן, אַז אין דעם בעזעם צווישן די ריטער זאָל זיך אָנגעהויבן אַ מחלוקת, אַ קריגעריי מיט אַ רייסעניש.

די איינע זיינען באַשטאַנען דערויף, אַז קערן זאָל מען שריט־ווייז, פּאַמעלעכדיק, פּאַוואָליע. די אַנדערע האָבן באַהויפּט, אַז קערן מיינט אַזאַ פאַרכאַפּ, ווי אַ שטורעם וואָלט זיך דורכגעטראָגן.

די אייניקע האָבן געזאָגט: לאַנגזאַם, אַבי פאָר־ווערטס. די אַנדערע האָבן געשריגן: לאַנגזאַמער פאָר־ווערטס איז גאָרנישט, ווינטיקע פרייהייט ברענגט אונז צום ציל!

די אייניקע זיינען באַשטאַנען דערויף, אַז קערן דאַרף מען נאָר פון רעכטס, די אַנדערע האָבן געפאָדערט, אַז קערן זאָל מען נאָר פון לינקס.

אין אָנגעגאַנגען אַ קריגעניש אין דעם בעזעם, אַ רייסעניש נאָך רעכטס און נאָך לינקס, אַ שפּאַלטעניש אויף לאַנגזאַמען פאָרווערטס און ווינטיקער פרייהייט.

ביז דער בעזעם איז זיך צופאַלן אויף צוויי טיילן.

האָבן דיביידע טיילן פאַרגעסן די מיסיע פון דעם גאַנצן בעזעם און אַרויפגעוואָרפן זיך אין אָפענער מלחמה איינער קעגן דעם אַנדערן.

זיי האָבן אָנגעהויבן צו באַשיטן איינער דעם אַנדערן מיט מיסט און שמוץ, צו דעקן איינער דעם אַנדערן מיט שטויב און קויט.

צום גרויסן פאַרגעניגן פון הון און הונט און חזיר.

ווייל אין הון און הונט און חזיר האָט אויפגעלעבט די האָ־פענונג, אַז באַלד וועט דער צוטיילטער בעזעם צופאַלן זיך אויף איינציקע ריטער, וועלכע עס וועט זיין אַזוי ליכט צוצוטרעטן אונ־טער די פיס.

און אַזוי וועט עס טאַקע זיין.

אויב — — —

1924

זיינע טעג זיינען געווען געציילטע. אין לעצטן גראד פון-שווינדזוכט. די קראַנקהייט, וועלכע ער האָט זיך צוגעצויגן אין זיין אַרבעט אַלס פּאַפּיראָסן-מאַכער, פאַרשטאַרקט דורך זיין אומדערמידלעכקייט אַלס פּאַרטיי-אַרבעטער.

ער האָט נישט געקאָנט מער פאַרלאָזן דאָס בעט. זיינע פיס האָבן אים נישט געטראָגן. אויך זיצן איז אים שוין געווען שווער. געציילטע טעג צום לעבן.

זיין אָרט אין פאַבריק איז שוין לאַנג געווען פאַרנומען. זיין אָרט אין דער פּאַרטיי איז געווען ליידיק. די פּאַרטיי האָט עס גע-פילט. ער איז איר אָפּגעגאַנגען. דער אומדערמידלעכער, דער פליי-סיקער, דער טוער, וועלכער האָט געקאָנט זיך פאַרגעסן, ווען די פּאַרטיי האָט עס געפאָדערט.

עס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז חבר חפץ וועט שטאַרבן. אוממעגלעך. ער איז נויטיק. די פּאַרטיי דאַרף אים אַזוי נויטיק האָבן. צען יאָר האָט ער געאַרבעט. צען יאָר איז ער גע-שטאַנען אויף זיין פּאָסטן. צען יאָר...

אַ חבר האָט זיך געכאַפּט:

„איר ווייסט, חברים, אַז טאַקע היינטיקע וואָך ווערט עס צען יאָר, זינט חבר חפץ איז אַריין אין דער פּאַרטיי און אין אונ-זער אַרבעט?”

אַ מערקווירדיק געפיל איז דורכגעגאַנגען דורך די חברים. אַ גרויזעליקס, וואָס האָט זיך דורכגעזייט דורך אַ האַרצקלעמע-ניש און אַרויפגעשטיגן צו אַ יום-טובדיקייט.

דער באַנקעט איז שוין נישט געווען קיין אויפטו פון קיין

איינציקן; אַלע האָבן דערפילט, אַז מען דאַרף מאַכן חבר הפּצן אַ באַנקעט. אַ פרייַלעכן, אַ באַגייסטערטן, אַ האַרציקן.

די חברים זייַנען אַרייַנגעפאַלן אין אַ פיבער פון עקסטאַז און טעטיקייט. און אויך פון האָפענונג. גאַנץ מערקווירדיק! עס האָט זיך עפּעס פאַרשפּרייט אַ געפיל, אַז דער באַנקעט וועט אים צוגעבן אַ שטיק געזונט, אַרייַנזעצן אין אים נייַע לונגען.

אַלע חברים, פון גרויס ביז קליין, האָבן זיך אַרייַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט. דער באַנקעט מוז זייַן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל ווירקלעך אים געזונט מאַכן, לכל־הפחות פאַרלענגערן אים די טעג, אויב נישט יאָרן. מען האָט אַוועקגעגעבן די פאַרבאַרייטונגען די גאַנצע פרייַע צייַט און דאָס גאַנצע האַרץ. הענט און קעשענעס זייַנען געווען ווייט אָפן. און האָט איינער נישט געהאַט, האָט ער געבאָרגט, פאַרמשכנט וואָס.

מען האָט דעם קראַנקן דערפון קיין סוד נישט געמאַכט. איבעררּאַשונגען קאָן מען מיט אַזאַ חולה נישט דערוועגן זיך.

דרייַ חברים זייַנען אַוועק מבקר־חולה זייַן אים. עס איז זיי געווען ביטער אָנצוקוקן אים. אָבער זיי האָבן געליגט, פאַרזיכערט אים, אַז ער זעט בעסער אויס. אַז ווירקלעך, עס פרייט זיי, וואָס ער זעט בעסער אויס. אַ סך בעסער, ווי פאַריקע וואָך.

און איין חבר האָט אַ זאָג געטאָן:

„געוויס! איז דאָך הייַנטיקע וואָך זייַן יובילעאום־וואָך!"

דער קראַנקער איז געלעגן אויף זייַן בעטל, די אויגן געווענדט אין דער ווייטקייט הינטער דער צימער־וואַנט, וועלכע ער האָט גאָרנישט געזען: אין דער ווייטקייט אויף יענער זייט פון לעבן, וועלכע עפנט זיך אויף נאָר פאַר שטאַרבנדיקע. די פאַרזיכערונגען פון די חברים, אַז ער זעט בעסער אויס, זייַנען פאַרבייַגעגאַנגען פאַרבייַ זייַנע אויערן. ער האָט זיי נישט געהערט, אָדער זיי האָבן פאַר אים קיין שום באַדייַטונג נישט געהאַט. אָבער די לעצטע ווערטער וועגן זייַן יובילעאום־וואָך האָבן עפּעס אָנגערירט אין אים. ער האָט שווער אַ קער געטאָן דעם קאָפּ, אויפגעזוכט מיט די אויגן דעם חבר, וועלכער האָט דאָס געזאָגט.

די חברים איז דורכגעגאַנגען אַ ציטער פון זיין בליק. אַ שיין פון זיינע אויגן, ווי אַן אָנגעבּרענטער שאַרף פון אַ מעסער. זיי האָבּן זיך פאַרלאָרן. אָבּער דער אָנגעקוקטער חבר האָט זיך געשטאַרקט און געענטפערט דעם שניידנדיק־פרעגנדיקן בליק:

„היינטיקע וואָך ווערט דאָך צען יאָר, אַז דו אַרבּעטסט אין דער פּאַרטיי.״

דער חולה האָט אַ פיר געטאָן מיט די בּרעמען, ווי ער וואָלט געוואָלט בּאַרעכענען, צי דער חשבון שטימט.

דער חבר — אַן אַלטער חבר אין דער פּאַרטיי — האָט אים געמאַכט דעם חשבון:

„דו בּיזט אַריין אין דער פּאַרטיי...״

מיט אַלע אותות ומופתים, פּונקט איבּערמאָרגן, דאָנערשטיק, ווערט צען יאָר.

„און מיר גייען דיר מאַכן אַ בּאַנקעט...״

דער חולה האָט פאַרשאַרפט זיין פרעגנדיקן בּליק. ער איז נישט געווען זיכער, אַז ער האָט ריכטיק געהערט.

„אַ בּאַנקעט,״ האָט דער חבר איבּערגעחזרט.

דעם קראַנקנס געזיכט האָט זיך פאַרקרימט אין אַ גרימאַסע פון חוזק. און דער חבר האָט דערקלערט:

„אַ בּאַנקעט גיט מען דעם, וואָס האָט געטאָן גוטע אַרבּעט. דו האָסט זי געטאָן, גוט און ערלעך, גאַנצע צען יאָר.״

דער חולה האָט צוריק אָפּגעקערט דעם קאָפּ, אַוועק צוריק אין דער ווייטקייט, פון וועלכער די חברים האָבּן אים אַרויסגעריסן. זיי האָבּן מער פאַר אים נישט עקזיסטירט. זיי האָבּן געזען, אַז ער הערט זיי נישט. עס איז זיי געוואָרן שווער און שווערער.

דער עלטסטער פון די דריי, אַ געניטערער חבר און אַ פירער, האָט געפונען, וואָס צו זאָגן:

„די פּאַרטיי דאַרף נויטיק דיין בּאַנקעט. אונזערע רייען זיינען לעצטנס אַבּיסל פאַנאַנדערגעפאַלן. מען האָט זיך אָנגעהויבּן אונטערצופוילן. דיין בּאַנקעט וועט אונז ווידער פעסטער צוזאַמענ־

שליסן. וועט אונטערטרייבן די פוילאַקעס. אריינברענגען מער לעבן.״

דער חבר איז אַנטשוויגן געוואָרן. די חברים האָבן געוואַרט.

דער חולה איז געלעגן אַ ווײַלע מיט זיין ווייטן בליק. דערנאָך צוגעמאַכט די אויגן. באַלד אויפגעעפנט זיי, אָנגעקוקט דעם פירער.

„איך מיין יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב דיר געזאָגט,״ האָט יענער פאַרזיכערט, מיט אַ סך וואַרעמקייט, מיט ליבע.

דער קראַנקער האָט נאָך אַ ווײַלע געקוקט אויף אים. דערנאָך אַוועקגעגליטשט זיין בליק פאַרביי אים אין דער ווייטקייט אריין. טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן. איין חבר האָט זיך אָפּגעקערט צו באַהאַלטן די פייכטקייט, וועלכע האָט געפינקלט אויף זיינע ברעמען. אַ צווייטער האָט פאַרביסן די ליפּן, אום נישט אויפצושרייען. נאָר דער פירער האָט ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף דעם חולהס שטערן און געגלעט אים דעם קאָפּ.

„מירן מאַכן דעם באַנקעט, יאָ?״

דער קראַנקער האָט צוגעמאַכט די אויגן, לייכט אַ שאָקל געמאַן מיטן קאָפּ.

די חברים האָבן אויפגעאָטעמט. אין דעם צער אויף זייערע געזיכטער האָט דורכגעלויכטן פרייד{י}קייט. —

צו דאָנערשטיק, דעם טאָג, ווען דער קראַנקער איז אריין אין דער פּאַרטיי, איז אַלץ געוועזן פאַרטיק.

אין זאַל פון דער באַלעבאָסטע, ביי וועלכער חפץ האָט געוווינט, האָט מען אָנגעשטעלט גרויסע טישן מיט בענק און שטולן. צו דער באַלעבאָסטעס זיינען געקומען חברטעס און האָבן איר געהאָלפן קאָכן און באַקן. אויך אין אַנדערע הייזער האָבן חברטעס געקאָכט און געבאַקט. און ווײַן האָט מען אָנגעגרייט, און שנאַפּס, און פרוכט און אַלערליי נאַשעריען — אַלץ פון דער פּולער האַנט. און בלומען — בלומען, בלומען אָן אַ שיר. אויף די טישן, איבער די ווענט. און אַ גרויסער קראַנץ מיט אַ באַנד: פון דער דאַנקבאַרער פּאַרטיי פאַר צען־יעריקער טרייער אַרבעט.

אין דער אייגענער צייט איז דער קראַנקער געלעגן אויף זיין בעט, מיט זיין בליק אין דער ווייטקייט, וועלכע האָט זיך אַלץ נענ־

מער צוגערוקט צו אים, אָן אַ באַוועגונג, אָן אַ וואָרט. חברים, חברות האָבן זיך אַריינגעכאַפּט דורכן טאָג. פרייליכע, אויפגעלעב־טע. געזאָגט עפּעס, געפּרוּווט אַרויסרופן בײַ אים אַ שמייכל. און אַוועקגעגאַנגען צורודערטע, צושרויפטע, דערשראָקענע. הלוואי דעו־לעבט ער... מען האָט מורא געהאַט אַרויסצורעדן. מען האָט מורא געהאַט צו טראַכטן.

ער האָט זיין בליק נישט געענדערט, מיט אַ ליפּ נישט באַ־וועגט, נישט אויסגעמאַכט זיך, און אפשר גאָרנישט געהערט, וואָס מען האָט צו אים גערעדט. נאָר אָן דער באַוועגונג פון זיינע ברע־מען האָט מען געקאָנט זען, אַז ער לעבט נאָך.

ער איז געלעגן, געקוקט אין דער ווייטקייט און געוווּסט, אַז ער דאַרף וואָס באַטראַכטן, נאָר ער האָט נישט געקאָנט טראַכטן. קיין כוח נישט געהאַט צו טראַכטן. איינצלנע ווערטער האָבן זיך אים דעם גאַנצן טאָג געדרייט אין קאָפּ: לעבן, טויט, פּאַרטיי... ער האָט זיי נישט געקאָנט באַנעמען, באַגרייפן, דערטראַכטן ביז אַ סוף. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז ער דאַרף דערטראַכטן זיי ביז אַ סוף. וועט ער זיי דערטראַכטן ביזן סוף, וועט ער האָבן אַלץ דער־גרייכט.

לעבן, טויט, פּאַרטיי... לעבן, טויט, פּאַרטיי... וואָס איז עס אַזוינס? וואָס וויל ער דאָ דערטראַכטן? ער האָט זיך אָנגע־שטרענגט. ער מוז זיך דערטראַכטן. ער מוז... דאָס זיינען דאָך עפּעס אַזעלכע באַקאַנטע ווערטער, אַזעלכע נאָנטע... לעבן, טויט, פּאַרטיי... לעבן, טויט, פּאַרטיי... אַזוי דעם גאַנצן טאָג. אויסגעשטעלט איינס לעבן אַנדערן, אָדער איינס הינטער דעם אַנדערן. שאַרפע, בולטע, וואַרטנדיקע. אָדער אין געקרייז, אין געקרייז... דרייען זיך, ווירבלען, לויפן אין אַ ראָד איינס הינטער דעם אַנדערן, איינס איבער דעם אַנדערן, דרייען זיך, דרייען זיך... צום איבל ווערן!... און ער קאָן נישט אָנכאַפּן דעם פאָדעם, די ליניע, אָן וועלכער ער דאַרף זיך אָנכאַפּן און טראַכטן און דערטראַכטן. אָ, ווען ער קאָן עס נאָר!

אַזייגער אַכט אין אָוונט האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקומען חברים, חברות, אין זייערע יום־טוב־קליידער, בלומען אין די מע־

נערשע לאַצן, בלומען אין די מיידלשע האָר, קליינע בוקעטן אין די גאַרטלעך פון די בלוזן. און יום־טוב איז געלעגן אויף אַלע וועזיכטער. אָבער ווען מען האָט אָנגעזאָגט, אַז דער קראַנקער יו־ביליאַר וועט באַלד אַריינקומען, האָבן שרעק און טרערן דורכ־געפלאָכטן זיך מיט דעם מיט געוואַלט איינגעהאַלטענעם יום־טוב אויף די פּנימער.

ביים קראַנקן אין צימער זיינען געווען די דריי נאָנטסטע חברים. זיי האָבן אים דערציילט, וואָס עס האָט זיך געטאָן, ווי אַלע האָבן זיך געפילט גליקלעך צוצולייגן אַ האַנט צום באַנקעט.

ער האָט געקוקט מיט זיין בליק אין דער ווייטקייט און גע־ווּסט, אַז זיי שטערן אים מיט זייער רעדן אָנצוכאַפּן די דריי ווערטער, וועלכע דרייען זיך פאַר אים און וועלכע ער מוז דער־כראַכטן. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט נישט צו הערן.

„און איצטער וועלן מיר דיך אָנטאָן און אַריינפירן צו די חברים אין זאַל,‟ האָט געזאָגט דער פירער, מיט אַ טאָן, וועלכער דערלאָזט נישט קיין ווידערשפּרוך, ווי אַ פעסט־באַשלאָסענע זאַך.

די ווערטער זיינען אַריין אין דעם קראַנקן, פאַרשטעלט די אַנדערע דריי ווערטער, וועלכע ער האָט געוואָלט אָנכאַפּן. ער האָט לאַנגזאַם צוגעווענדט זיין בליק צום רעדנדיקן חבר.

„יאָ, מיר וועלן דיך אָנטאָן. זעסט, מיר האָבן שוין אָנגע־גרייט דיין יום־טוב.‟

זיי זיינען געשטאַנען איבער אים מיט זיינע בעסטע קליי־דער.

„קום, זעץ זיך אויף, מיר וועלן דיך אָנטאָן. דו קאָנסט זיך נישט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן איינדרוק דיין אַריינקום וועט מאַכן אויף די חברים. דאָס וועט זיין פאַר זיי דער גרעסטער סטי־מולאַנט אין דער ווייטערדיקער אַרבעט פאַר דער פּאַרטיי.‟

פּאַרטיי... דער קראַנקער האָט אַ גלאָץ געטאָן מיט די אויגן, און עס איז געווען פאַרשטענדעניש אין זיי. ער האָט אָנגעהויבן אויפצוהייבן זיך.

„גוט, גוט,‟ האָט פריילעך גערעדט דער חבר.

מען האָט אים אָנגעטאָן אין זיין יום־טוב, אַריינגעשטעקט

א בלום אין דער לאַץ. צוויי חברים האָבן געמאכט וויצן, געוואָלט אים פרייליך מאכן, ארויסרופן ביי אים א שמייכל. דער דריטער האָט גערעדט פון דער פארטיי און פון די גוטע רעזולטאטן, וועלכע דער באַנקעט וועט ברענגען דער פארטיי.

דער קראַנקער האָט די וויצן נישט געהערט, נישט פאַר־שטאַנען. זיין געזיכט איז געווען ערנסט. דאָס געזיכט פון איי־נעם, וועלכער דערפילט א שווערע, אָבער זייער נויטיקע אויפגאַ־בע, וועלכע דער באַנקעט וועט ברענגען דער פארטיי.

ער האָט נישט גערירט מיט א האַנט צו העלפן אין דעם אָנטאָן. ער האָט נישט געקאָנט רירן. נישט געוווּסט אויך, אַז ער דאַרף רירן מיט א האַנט און העלפן. ער האָט זיי נאָר געלאָזט טאָן מיט זיך, וואָס זיי האָבן געוואָלט. ווען זיי זיינען פארטיק גע־וואָרן, האָט ער זיך באַקוקט. די קליידער זיינען אויף אים געהאַנ־גען — ער האָט דאָס נישט באמערקט. ער האָט נאָר געוואָלט זען... וואָס האָט ער געוואָלט זען?... יאָ, צי זיינען די הויזן־קנעפלעך...

צוויי חברים האָבן אים גענומען אונטער די הענט, דער דריטער האָט אים געהאַלטן פון הינטן. אָבער ער האָט זיך אויס־געגלייכט, צוזאַמענגעביסן די ציינער, ווי ער וואָלט צוזאַמענגע־נומען זיין גאַנצע לעבנס־קראַפט, און געשטעלט זיינע פיס אָדער געמיינט, אַז ער שטעלט זיינע פיס, ווי איינער, וועלכער דאַרף נישט קיין אונטערפירער.

די חברים און חברות האָבן באַגעגנט זיין אַריינקום מיט אויפשטיין פון די פלעצער, דונערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן און גע־זאַנג פון אַלע העלזער. א ליד, ספּעציעל פאַרפאַסט: „לאַנג לעבן חבר חפץ! געזונט און שטאַרק ער זיי!"

ער האָט אויף קיינעם נישט געקוקט, קיינעם נישט געזען. באַוועגט זיך צו זיין פּלאַץ ערנסט אַזוי, וויכטיק.

מען האָט אים אוועקגעזעצט אויבנאָן אויף א פּאָטער־שטול מיט א גרויסן קישן אונטערן קאָפּ. דער קראַנץ מיטן באַנד הויך איבערן קאָפּ.

דער פירער איז געווען טאָסט־מייסטער:

„נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז אונזער פון אונז אַלעמען געליבטער און געשעצטער יובילאַר און ערן־גאַסט חבר חפץ מוז האָבן רו און קאָן מיט אונז נישט לאַנג זיצן, וועלן די רעדנער זיך מוזן פאַסן קורץ. דערנאָך וועט אונזער יובילאַר אונז זאָגן אַ פּאָר ווערטער און וועט אונז זאָגן אַ גוטע נאַכט. מיר אָבער וועלן בלייבן דאָ און פאַרברענגען שמחהדיק אונזער גרויסן יום־טוב."

קורץ, ווי קורץ קאָן נאָר זיין, האָט ער געמאַכט דעם אי־בערבליק איבער דער טעטיקייט פון דעם יובילאַר און אָנגעהויבן אויסצורופן רעדנער — אָנגעזעענע חברים פון דער פּאַרטיי.

די געסט האָבן אָנגעקוקט דעם קראַנקן, זיך איבערגעקוקט. די פּנימער זיינען געוואָרן בלייך, דערשראָקן. טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אויגן. עטלעכע חברות האָבן געקעמפּט מיט היסטע־ריקע. געביסן זיך די הענט, די טאַשן־טיכלעך. באַלד האָבן אַלע געפילט, אַז מען האָט מורא צו קוקן אויף אים. מען האָט אַראָפּ־געלאָזן די אויגן צו די ווייסע טישטיכער אויף די טישן. מען האָט געקוקט אַרויף צום באַלקן. מען איז געזעסן איינגעגראָבענע און די ווערטער פון די רעדנער זיינען געוועזן ווי פאַלנדיקער האָגל אויף אויפגערודערטע געמיטער פון דערשראָקענע קינדער אינמיטן דער נאַכט.

די רעדנער האָבן זיך געפּאַסט קורץ. אַ פּאָר לויב־ווערטער זיין נוצטיקייט און זיין פּערזענלעכקייט און אַ צווונטש פון גע־זונט און וויטערער טעטיקייט.

דער קראַנקער איז געזעסן מיט דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אויף דעם קישן הינטער אים, די אויגן אָנגעשטעלט אין דער ווייט, וועלכע איז שוין אַזוי נאָענט געוועזן. ער האָט קיינעם נישט גע־זען. ער האָט נישט געהערט די רעדנער. פאַר אים איז געוועזן אַ פּוסטקייט, און אין דער פּוסטקייט האָט ער געדאַרפט עפּעס גע־פינען. וואָס איז דאָס, וואָס ער דאַרף געפינען? יאָ, עפּעס, וואָס האָט זיך געדרייט פאַר אים. אָט דרייט זיך עס פאַר אים. דרייט זיך, דרייט זיך, ווירבלט, אין נעקרייז, אין געקרייז... אַ פּוסטקייט, וועלכע דרייט זיך... אַ פינסטערע פּוסטקייט... ניין, זי איז פול

מיט פייער, מיט א סך רויטקייט. נאָר די פינסטערניש רוקט זיך אַלץ מער אָן, רוקט צונויף די רויטקייט. אַט איז די רויטקייט געוועזן גרויס און גרעסער נאָך ווי די זון. אָבער זי ווערט אַלץ קלע־נער און קלענער. אַט איז זי שוין ווי דאָס פּלעמל פון א חלבנעם ליכטל... אַן אויפליכטנדיקע שוועבעלע... נאָר נאָך א פונק אויפן קעפּל פון אַן אויסגעלאָשענער שוועבעלע... די פינסטערניש האָט פאַרנומען די גאַנצע פוסטקייט און דאָס געווירבל ליגט זיך, ליגט זיך... ליגט זיך...

דער טאָסט־מייסטער איז אויפגעשטאַנען, געזאָגט א פּאָר האַרציקע ווערטער און אויסגערופן דעם יובילאַר, „דעם טייערן און געליבטן חבר חפץ.״

ריזיקע אַפּלאָדיסמענטן. די האַרציקסטע אָוואַציע. אַלע אויגן האָבן זיך געווענדט צום קראַנקן.

ער איז געזעסן, די אויגן ווייט, דאָס מויל אַביסל אָפן. קיין באַוועגונג.

די אַפּלאָדיסמענטן האָבן אויפגעהערט.

דער טאָסט־מייסטער האָט זיך געווענדט צו אים:

„נאָר א פּאָר ווערטער, חבר חפץ. א פּאָר פון אייערע וואַ־רעמע, אויפמונטערנדיקע ווערטער.״

חבר חפץ האָט זיך נישט באַוועגט.

א שוידער איז דורכגעגאַנגען דורכן עולם. עמעצער האָט אויסגעשריגן: „אוי!״ די חברות, וועלכע האָבן געקעמפט מיט היסטעריקע, האָבן נישט אויסגעהאַלטן מער.

דער טאָסטמייסטער האָט זיך צוגעבויגן צום יובילאַר.

„חבר חפץ...״

קלאַפּנדיקע הערצער, איינגעהאַלטענע אָטעמס, שרעק אין אַלעמענס אויגן.

„חבר חפץ!...״

דאָס שוועבעלע איז געווען אויסגעלאָשן.

## I

הינטער זיבן ימים, הינטער זיבן בערג — און אפשר א סך נענטער — איז געווען־געוועזן — און אפשר שטייט נאָך היינט — א גרויסע־גרויסע שטאָט, וועלכע איז וואָס א יאָר אַלץ גרעסער גע־וואָרן, וואָס א יאָר אַלץ רייכער געוואָרן, און נישט געוווּסט פון קראַנקהייטן, מלחמות און פאַרוויסטונגען. האָבן די פרומע קריסט־לעכע איינוווינער זיך אַרומגעזען, אַז זיי מוזן מיט עפּעס אָפּדאַנ־קען דעם אַלמעכטיקן, ליבנדיקן גאָט פאַר אַלע זיינע חסדים, וואָס ער טוט מיט זיי. זיינען זיי געקומען צו זייערע פאָרשטייער און עלטסטע און געזאָגט צו זיי אַזוי: „גאָט איז זייער גוט צו אונז און צו אונזער שטאָט, און מיר ווילן אים מיט עפּעס אָפּדאַנקען. און ווייל איר זייט אונזערע פאָרשטייער און אונזערע עלטסטע, ווילן מיר, אַז איר זאָלט עפּעס אָפּטראַכטן, מיט וואָס מיר זאָלן אַמבעסטן אָפּדאַנקען גאָט.״

איז עס די פאָרשטייער און די עלטסטע זייער געפעלן גע־וואָרן, און זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן, און זיי האָבן גע־טראַכט און געטראַכט און לסוף אויסגעטראַכט, אַז דאָס בעסטע, מיט וואָס זיי קאָנען אָפּדאַנקען גאָט פאַר אַלע זיינע חסדים, איז אויפצובויען פון זיין כבוד וועגן א טעמפּל, וועלכער זאָל זיין גלייכן נישט האָבן אין גאַנצן לאַנד און אויך נישט אין די אַרומיקע לענ־דער, אַזוי אַז פון אומעטום זאָל מען צו אים עולה־רגל זיין און

דאָס ווײסן פון גאָטס גרויסקייט און ליבע זאָל זיך פון אים פאַר־שפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט.

האָט דער פּלאַן געפונען חן אין די אויגן און אין די הער־צער פון די איינוווינער און זיי האָבן געהייסן די פאָרשטייער און די עלטסטע אַזוי צו טאָן.

האָבן די פאָרשטייער און עלטסטע צונויפגערופן אַלע גרעסטע קלויסטער־בויער און אַלע גרעסטע קינסטלער אין שטיין און האָלץ און פאַרבן, וועלכע זיינען אויך געוועזן באַוווּסט מיט זייער גרויסער פרומקייט און אמתער צוגעטאָנקייט צו גאָט און זיין זון און דער הייליקער יונגפרוי, און האָבן צו זיי געזאָגט אַזוי: „שטעלט אונז אויף אַ קלויסטער אין אונזער שטאָט, וואָס זאָל רעדן בעסער, ווי אַלע צונגען און אַלע ווערטער, פון גאָטס גרויסקייט און דערהויבנקייט. ווער עס זאָל אים נאָר אָנקוקן, זאָל גלייך אויסגעפילט ווערן מיט דער גרויסער מורא פאַר גאָט, און דאָס פאַרשטאָפּטסטע האַרץ זאָל באַגרייפן, ווי גרויס און שטאַרק און גוט אונזער גאָט איז. פון זיינע ליניען זאָל מען עס אַרויסלייענען און פון זיין געבוי, פון דער צוזאַמענשטעלונג פון זיינע שטיינער און פון דער שיינקייט פון זיינע פאַרצירונגען, און גרויסע פרומקייט זאָל פון אים אַרויספליסן און גרויסע דאַנקבאַרקייט צו גאָט, ווי אַ שטראָם פון פרישן דערקוויקנדיקן וואַסער פאַר דעם אויסגעמאַטערטן, דורשטיקן וואַנדערער אין דעם מדבר.״

און אַז די בויער און קינסטלער האָבן אויסגעהערט דידאָזיקע ווערטער, האָבן זייערע הערצער אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן מיט דעם גרויסן חשק צו דער אַרבעט, און אין זייערע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן דאָס הייליקע פייער פון געטלעכן שאַפן. אָבער צוערשט האָבן זיי זיך צוזאַמענגענומען און תפילה געטאָן פאַר גאָט און זיין זון און דער הייליקער יונגפרוי, אַז זיי זאָלן באַגנאַדיקט

ווערן מיט די נויטיקע אָנווייזונגען פון געטלעכן גנאָד, זייערע קעפּ זאָלן טראַכטן די ריכטיקע געדאַנקען, זייערע אויגן זאָלן זען די פאַרבאָרגנסטע הייליקייט, זייערע הערצער זאָלן אַרויספילן די טיפסטע סודות פון דער אייביקער געטלעכקייט, און זייערע הענט זאָלן נישט פאַרפעלן אין דער אויספירונג. און אַז זיי האָבן געענ־דיקט זייערע תפילות, וועלכע זיינען געוועזן פול מיט בענקעניש און הארץ־אויסגיסעניש און אומענדלעכער פרומקייט, זיינען די בויער און קינסטלער אוועק צו זייער אַרבעט, ווי געטראָגן פון אומ־געזעענע הענט, מיט פייער אין זייערע אויגן און פייער אין זייער בלוט, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געוווּסט, אַז די אַרבעט וועט זיי זייער געלינגען, און האָט זיך שוין זייער שטאַרק געפרייט.

און אזוי איז עס געוועזן. ווען די בויער האָבן געבראַכט צו די פאָרשטייער און עלטסטע די צייכענונג פון דעם פּאָרטראַכטן טעמפּל, האָבן די פאָרשטייער און עלטסטע געפילט, אַז זיי דאַרפן זיך אָראָפּלאָזן אויף די קני, ווייל אַזאַ גרויסע פרומקייט האָט אַרויסגעשטראָמט פון דעם בילד אין זייער האַרץ אַריין. און ווען דאָס בילד איז אויסגעשטעלט געוואָרן אין דעם שטאָט־הויז, האָט אויסגעבראָכן אַ פרומע פרייד צווישן מענער און פרויען און יונג און אַלט, ווי די פרומע פּסח־פרייד ביי דעם ווונדער פון קריסטוסעס לעבעדיק ווערן.

מיט אַלע זיינע איינצלהייטן איז געשטאַנען דאָס קומענדיקע בוי־ווונדער אויף דעם בילד, און אַלץ אין אים האָט צוגעפירט צו דעם איין געדאַנק פון דער גרויסקייט פון גאָט און זיין ליבע און זיין רחמנות, און פון דער ליבע צו גאָט און מענטשן אין די מעשים פון די הייליקע. דאָס איז געלעגן אין דער אונטערשטער מאַרמאָר־נער טרעפּ און האָט אַראָפּגעגלאַנצט פון דער ריזיקער, איבער־מענטשלעך גרויסער יעזוס־פיגור, וועלכע איז געשטאַנען אויבן אויף דעם מיטלסטן און העכסטן טורעם, מיטן רוקן ביי אַ נאָך ריזיקערן צלם, די רעכטע האַנט אויפגעהויבן צום בענטשן.

און אַז דעם פאָלק איז אַזוי געפעלן געוואָרן דאָס בילד, און די פאָרשטייער און די עלטסטע האָבן מיט טרערן אין די אויגן פאַר גרויסער רירונג געגעבן זייער הסכמה, זיינען די בויער אַוועק־געגאַנגען אויסצוזוכן די בעסטע שטאָפן פאַר זייער אַרבעט, ווי

אויך די בעסטע און פרימסטע ארבעטער, אז פון דעם שטיינלייגער ביז דעם זאמד־טרעגער זאלן אלע זיין פון ריינעם קריסטאלעכן גע־מיט. און די קינסטלער אין שטיין און האלץ און פארבן האבן איינ־געטיילט צווישן זיך די פארשיידענע ארבעטן, פאר יעדערן זיין ווינקל און זיין געדאנק און זיינע פיגורן. אבער דער גרעסטער בילדהאקער פון זיין לאנד און זיין דור האט באקומען אויסצוהאקן פון מארמאר די יעזוס־פיגור, וועלכע וועט שטיין אויבן אויף דעם מיטלסטן און העכסטן טורעם.

## 4

דער גרעסטער בילדהאקער פון זיין לאנד און זיין דור איז געוועזן א מאן ווייט אין יארן און מיט א הארץ פון א קינד. גוט און ליב צו אלעמען, צו נאנטע און צו ווייטע, א העלפער אין נויט פאר אייגענע און פרעמדע, מיט דעם הארציקסטן בליק אין זיינע בלויע אויגן, מיט א קינדיש־ליבלעכן שמייכל אויף זיינע ליפן און מיט אן אפענער האנט. זיין גרויסע קונסט האט ער אנגעווענדט אויף צו פארהערלעכן גאט און זיינע מעשים און זיינע הייליקע, ווייל ער איז זייער פרום געוועזן, און די קירך האט נישט געהאט קיין אפטערן באזוכער פאר אים. אבער אלע זיינע הייליקע בילדער, וועלכע ער האט געמאכט מיט אזא גרויסער פרומקייט, זיינען געוועזן מייסטערווערק, מוסטערווערק, וואונדערלעכע באקערער צו גאט. ווייל ער האט געהאט אין זיך די גרויסע מתנה ארויסצורופן פאר זיך און לייבהאפטיק זען און איבערלעבן די טיפסטע געפילן און רייכסטע געדאנקען. און דאס שטארק איבערגעלעבטע פלעגט זיך צוגיסן איבער זיין קערפער, באוועגן מיט זיינע הענט, און פון זיינע הענט אריבער אין דעם שטאף, וועלכן ער האט באארבעט. און ער פלעגט ארויסברענגען אין א גרויסער ריינהייט פון פארם און ליניען דעם תמצית פון דעם הייליקן, וועמעס בילד ער האט אויסגעהאקט פון שטיין אדער אויסגעגאסן פון בראנז, די הייליקייט פון זיינע מעשים און זיין הארץ און זיינע יסורים.

און עס איז געוועזן, ווען ער האט באקומען אויסצוהאקן פון מארמאר די יעזוס־פיגור, וועלכע וועט שטיין אויף דעם העכסטן

שפּיץ פון דער וווּנדער־קירך, האָט ער פאַרגאָסן טרערן פון טיפ־
סטער פרייד, טרערן פון דעם פרומסטן געמיט. ער האָט זיך איינ־
געשלאָסן ביי זיך אין צימער, געשטעלט אויף די קני פאַר דעם
יעזוס־בילד אויף דער וואַנט, און איז גאַנץ אויפגעגאַנגען אין זיין
תּפילה. און אַזוי געפּעסטיקט און געשטאַרקט, האָט ער צוגעמאַכט
זיינע אויגן און אַריינגעטאָן זיך אין געדאַנקען איבער זיין אַרבעט.

נאָר באַלד איז אים געווען, ווי ווען דער הייליקער גייסט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אים, און ער האָט אָנגעהויבן צו אָטע־מען שנעל און שווער. ער האָט קלאָר און שאַרף דערפילט דעם וועג, ווי אויסצופירן זיין אַרבעט.

ער וועט אַרויסרופן אין זיך און איבערלעבן די גרויסע געט־לעכע ליבע, צוליב וועלכער גאָטס זון האָט געקאָנט נעמען אויף זיך אַזוי פיל ליידן, און אָט די גאַנצע אומענדלעכקייט פון ליבע וועט ער אַריינגיסן אין די אויגן פון דעם שטיין־בילד, און עס וועט פליסן פון די אויגן די אייביקע ליבע איבער ווייט און ברייט אין די הערצער פון גאָטס קינדער.

ער האָט זיך דערזען הויך, איבערמענטשלעך הויך, ערגעץ אויף אַ הויכן באַרג, און פון דאָרטן האָט זיין אויג אַרומגענומען די גאַנצע גרויס פון דער וועלט. און די גאַנצע וועלט איז געווען אַ גרויסער גרויסער פּלאַץ, אָנגעפילט פון דער גאַנצער מענטשהייט. און ער שפּרייט אויס זיינע ריזיקע אָרעמס און נעמט אַרום די גאַנ־צע מענטשהייט און דריקט זי צו צו זיין מעכטיקן האַרץ, אין וועלכן די ליבע גיסט זיך איבער ווי אַ ים.

ער האָט געמאַכט די אומאַרמונג־באַוועגונג און איז פאַר־גליווערט געוואָרן אין איר. זיין האַרץ איז אויסגעגאַנגען אין גרוי־סער ליבע, און זיין גייסטיק אויג האָט אַרומגעשוועבט איבער דעם גרויסן פּלאַץ, וועלכער איז געווען די גאַנצע וועלט. אַלע פעלקער זעט ער דאָ, אַלע די אומציילֿיקע, די פאַרשיידנאַרטיקע, ווייס און שוואַרץ און געל און רויט, קריסט און געצנדינער און — —

יידן, א גרויסע מחנה יידן, מיט לאַנגע שוואַרצע בערד און קרומע נעזער, אין משונהדיקער קליידונג און קאַפּצודעק, מיט לאַנגע געקרייזלטע פּאות, מיט שוואַרצע בייזע פאַררעטער־אויגן.

ער האָט אויפגעשוידערט און אויפגעעפנט זיינע אויגן. דאָס גרויסע בילד איז מטושטש געוואָרן, דאָס שטאַרקע איבערגעלעבטע געפיל האָט נאָכגעלאָזן, אָבער די יידן זיינען געשטאַנען דייטלעך פאַר אים. ער האָט זיך פאַרקרימט, ווי פון א גרויסן עקל, און עס איז אים געוועזן, ווי אין זיין נאָז וואָלט אריינגעדרונגען א שלעכטער ריח. אין זיין האַרץ האָט אויפגעקאָכט דער יידן־האַס, וועלכן ער האָט שטענדיק פאַרשפּירט, ווען א ייד איז צוגעטראָטן צו אים צו נאָענט. ער האָט בייז און אומגעדולדיק א קלאַפּ געטאָן מיטן פוס, ווי צו פאַרטרייבן די שרעק־געשטאַלטן פון זיך, און אין פאַרצווייפלונג פאַרבראָכן די הענט. ווייל זיי זיינען געוואָרן אלץ מער און מער, און האָבן אומגעוואָרפן מיט די הענט, און געשריען און געלאַרעמט, אָנפילנדיק זיין צימער מיט זייער שלעכטן אָטעם. און ער האָט דערזען פאַר זיך, ווי זיי פּייניקן יעזוסן און שלאָגן אים צו מיט גרויסע טשוועקעס צום קרייץ. און ער האָט געזען, ווי זיי ברענגען אום קליינע קריסטלעכע קינדער, אום אריינצוזופּן זייער בלוט אין די פסחדיקע מצות. און ער האָט געהערט, ווי זיי לעסטערן גאָט און זיין זון און די הייליקע יונגפרוי און שפּאָטן אָפּ פון קריסטנטום... אלץ, וואָס ער האָט אַרויסגעזויגן מיט דער מוטער־מילך, אלץ, וואָס ער האָט זיך אָנגעלייענט אין די ביכער, וועלכע

האָבן געגאָלטן אַלס דער אמת וועגן יידן, אַלץ, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פאַר זיין גאַנץ לעבן אין די פאַרשיידנסטע געזעלשאַפטן און אין די פאַרשיידענע לענדער — דאָס אַלץ האָט זיך אַראָפּגע־לאָזן אויף אים, ווי אַן איינפאַלנדיקער באַרג, פאַרשאָטן דאָס גרוי־סע ליבע־געפיל און אָנגעפילט אים מיט עקל און בייזקייט און כעס.

ער האָט זיך געריבן דעם שטערן און אָנגעהויבן צו מורמלען פרומע תפילות, אַז גאָט זאָל אָפּרייניקן זיין אויג און אַוועקנעמען פון אים די, וועלכע ער קאָן נישט און טאָר נישט ליבן, די, וועלכע ער מוז האַסן און פיינט האָבן. און ענדלעך האָט ער זיך ווי־דער אַראָפּגעלאָזן אויף די קני פאַר דעם יעזוס־בילד אויף דער וואַנט פון זיין צימער. אין הייסער תפילה האָט ער ווידער אַרויס־גערופן פאַר זיך דעם גרויסן פּלאַץ, אָנגעפילט פון דער גאַנצער מענטשהייט, און ווידער האָט ער איבערגעלעבט די גרויסע אומ־אַרמונג אין איר אומענדלעכער ליבע. אַלעמען, אַלעמען האָט ער זיי צוגעדריקט צו זיין מעכטיקן האַרץ, אין וועלכן די ליבע האָט זיך ווידער איבערגעגאָסן ווי אַ ים. אַלעמען, אַלעמען האָט ער ווידער אָנגעקוקט מיט אויגן, אין וועלכע די ליבע איז געווען אומענד־לעך — די אַלע אומציילִיקע, פאַרשיידנאַרטיקע, ווייס און שוואַרץ און געל און רויט, די פאַרשיידענע קריסטן און די פאַרשיידענע געצנדינער. נאָר אין דער זייט, ווו די יידן זיינען געשטאַנען, האָט זיין אויג אַרויסגעשאָסן אַ פייער־שטראַל פון האַס און שנאה.

... ער האט געארבעט לאנג. און יעדער טאג ארבעט איבער דער ריזן־גרויסער פיגור פון גאטס זון איז פאר אים געווען דער פרומ־סטער גאטעס־דינסט, די באגייסטערטסטע עבודת הבורא. און גאט האט גאנץ באזונדערס געבענטשט זיינע הענט, אז זיי האבן נישט פארפעלט ארויסצוברענגען אין שטיין די טיפסטע איבערלעבעניש, די פארבארגנסטע זעאונג. און נאך יעדן טאג ארבעט פלעגט ער פאלן אויף די קני און וויינען טרערן פאר פרייד און מורמלען זיין הארציקסטן דאנק צום וועלט־באשאפער. און ווען ער האט געוווּסט, אז ער איז שוין פארטיק, נאך דער לעצטער בארירונג מיט האמער און האקאייזן, האט ער פארשפירט א גרויסע שוואכקייט אין זיינע קני און אנגעשפארט זיך אן דער וואנט אין א טויט־בלייכקייט, גאנץ איבערגעוואלטיקט פון דעם געפיל פון געטלעכער געלונגענ־הייט.

אלץ, וואס ער האט געוואלט און געפילט, האט ער ארויסגע־בראכט אין דער מארמאר. דער קאלטער שטיין איז דורכגענומען געווארן פון א וווּנדערלעכער ווארעמקייט, ווי דורכגעריזלט פון הייסן בלוט. איבער דער גאנצער פיגור איז אויסגעגאסן געווען געטלעכע גרויסקייט, און ווי די ווייכע, צארטע שטראלן פון דער פולער לבנה זיינען געווען די שטראלן פון די אויגן, פון וועלכע עס האט ארויסגעלויכטן די אייביקע אומענדלעכע ליבע. נאר איין קליינער ווינקל אין דעם לינקן אויג איז פארשאטנט געווען, און פון דארטן האט ארויסגעלויכט, ווי פון אונטער א הויפן גליענדי־קער אש, א פונק פון אייביקן האס.

דער טאָג, אין וועלכן דאָס יעזוס־בילד איז איבערגעגעבן געוואָרן דער עפנטלעכקייט אין שיף פון דעם פּאַרטיק־געוואָרענעם קלויסטער, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן יום־טוב. קיינער האָט נישט געאַרבעט, און אין שטראָמען האָט געפלייצט די באַפעלקערונג פון דער שטאָט און די אַרומיקע דערפער אָנצוזען זיך דאָס ווונדערווערק. און עס איז זיי געווען ביים אָנבליק פון דעם שטיינבילד, ווי ווען גאָטס זון וואָלט זיך זיי לייבהאַפטיק אַנטפּלעקט, און דער גרויסער עולם האָט געוויינט פאַר רירונג, געפאַלן אויף די קני אין אַ פרום־באַגייסטערטן „הללויה", און געוואָרפן זיך איינער דעם אַנדערן אויפן האַלז און געקושט זיך, ווי ביים ווונדער פון קריסטוסעס אויפשטייאונג, אָבער נאָך שטאַרקער און אמתדיקער, ווייל די געטלעכע ליבע איז אַריין אין זייער האַרץ.

אָבער ווען די אַרויסשטראָמענדיקע מאַסן האָבן אָנגעטראָפן פאַר דער קירך עטלעכע יונגע יידן, וועלכע זיינען צופעליק פאַרבייגעגאַנגען אין זייער וועג אָדער אפשר פון נייגעריקייט געטריבן געוואָרן אַהער, איז אַ בייזער מורמל דורכגעלאָפן זיי, ווי אַ ווירבלווינט איבערן וואַסער, און באַלד זיינען די יידן אַרומגערינגלט געוואָרן, און הענט האָבן זיך געהויבן, און שווערע שטיינער זיינען דומפּ געפאַלן אויף הויט און ביינער, און טויזנטער ווילדע קולות פון משוגע־געוואָרענער בלוטדורשטיקייט האָבן קוים געקאָנט פאַרהילכן דעם אימהדיקן ווייגעשריי פון עטלעכע לעבנס, וועלכע זיינען אכזריותדיק אַרויסגעריסן געוואָרן פון עטלעכע קערפּערס.

שפּעטער האָבן עטלעכע פרויען מיט זייף און וואַסער אָפּגעוואַשן פון די קירכנטרעפּ עטלעכע פלעקן פון מאַרך און בלוט. אָבער איין קליינער בלוטפלעק, גאַנץ אונטן, וווּ דער שטיין האָט אָנגערירט די ערד, איז געבליבן אומבאַמערקט, אָדער אפשר האָבן אים די זייף און דאָס וואַסער נישט בייגעקומען, און ער איז דאָרטן פאַרבליבן עד היום הזה, צוערשט העל־רויט, און דערנאָך אַלץ טונקעלער און טונקעלער, ביז ער איז געוואָרן איינס מיט דעם שטיין, וועלכער האָט מיט דער צייט פאַרלאָרן זיין העלע גרויקייט, אום צו באַנעגענען די טונקעלע פאַרב פון דעם בלוטפלעק.

## 8

איינמאָל, ווען די יעזוס־פיגור אויבן אויף דעם העכסטן שפּיץ פון דעם קלויסטער איז שוין געוועזן באַדעקט מיט דיקן שטויב, וועלכער איז געוועזן דורכגעשניטן מיט אומצייליקע רצועות פון פאַלנדיקן רעגן, איז אַ רויבפויגל, אַ קאָרשון, געפלויגן הויך אין דער לופט און געטראָגן אין זיינע קראַלן אַ גרויסע ווייסע טויב, וועלכע ער האָט ערשט אַרויסגעכאַפּט פון אַ גאַנצער מחנה אין דער זוניקער לופט זיך באָדנדיקע טויבן. און ווייל די טויב איז אים געוועזן אַביסל צו שווער, אָדער ווייל זי האָט אים אויסגעמאַטערט מיט איר ראַנגלען און צאַפּלען זיך אין זיינע נעגל, אַזוי אַז ער האָט עטלעכע מאָל געמוזט אָנשטרענגען זיין פליגלקראַפט אויף איינצוהאַלטן זיך אין דער הויך, האָט ער באַשלאָסן אָפּצושטעלן זיך אויפן קאָפּ פון דער יעזוס־פיגור, ווייל צו זיין בוים אין וואַלד איז אים נאָך זייער ווייט געוועזן. אָבער ווען ער איז צוגעפלויגן צו דער יעזוס־פיגור, האָט זיך זיין בליק אָנגעטראָפן מיט די יעזוס־אויגן, און אַ גרויסער שרעק איז אים באַפאַלן. ער האָט אויפגעעפנט זיינע קראַלן און אַרויסגעלאָזן די טויב, וועלכע איז אַ שווער־פאַרווונדעטע אַראָפּגעפאַלן אויף דעם פיעדעסטאַל צו־פוסן פון דער סטאַטוע, געמאַכט עטלעכע שנעלע באַוועגונגען מיט די פליגלען, ווי ער וואָלט געוואָלט איינהאַלטן זיין גלייכגעוויכט, און תיכף אומגעקערט זיך צוריק, מיט קלאַפּנדיקן האַרץ, שרייענדיק אין טויט־שרעק. ער איז געפלויגן שנעל און שנעלער, ווי געטריבן פון אַ מוראדיקער פיינטלעכער מאַכט, נישט אויפהערנדיק אַרויסצוגעבן

זיינע שרעק־געשרייען. און אַזוי גרויס איז געוועזן זיין שרעק, אַז דער שאָטן פון עטלעכע טויבן, וועלכע האָבן זיך מער אַראָפּגע־וואָרפן ווי אַוועקגעפלויגן אין זייער מורא פאַר אים, האָט אַרויס־גערופן אַ שוידער אין אים. ער האָט שוין לאַנג געלאָזן די גרויסע שטאָט הינטער זיך און דעם וואַלד הינטער דער שטאָט, און איז אַלץ געפלויגן און געפלויגן מיט דער גרויסער מורא אין אַלע זיינע גלידער, און נישט דערוועגט זיך אומצוקוקן זיך אויף הינטן. ערשט ווען ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרגעסן, וואָס האָט אים אַזוינס דער־שראָקן, האָט ער זיך אומגעקוקט אויף הינטן. און ווייל ער האָט גאָרנישט געזען פון זיין שרעק, האָט ער איינגעהאַלטן זיין פלי און באַלד געלאָזן זיך פליען צוריק. צוערשט לאַנגזאַם, נישט זיכער, פאַרזיכטיק, שפּיאָנירנדיק מיט זיינע אויגן רעכטס און לינקס, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטדעקן דעם באַהאַלטענעם שונא. באַלד איז אים געקומען דאָס געפיל פון דער טויב אין זיינע קראַלן, איר מורא און איר ראַנגלען זיך, און ער האָט זיך געלאָזן שנעלער פליען, נישט וויסנדיק וווּהין. אָבער ווען ער האָט פון דערווייטנס דערזען די יעזוס־פיגור, האָט ער זיך אויף אַלץ דערמאָנט.

איצט איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ העלישן כעס. עס איז אים געוועזן, ווי ווען די פיגור האָט ביי אים אָפּגענומען די טויב, און אַז ער האָט זיך דערמאָנט אויף די אויגן, האָט ער אָנגעשטעלט זיי־נע קראַלן ווי די שפּיזן. ער האָט אויפגעשריען, דורשטיק נאָך בלוט, און נאָך קיינמאָל האָבן אים זיינע שטאַרקע פליגל אַזוי שנעל נישט געטראָגן. און וואָס נענטער ער איז געוואָרן צו דער פיגור, אַלץ בייזער און שרעקלעכער איז געוואָרן זיין בלוט־געשריי, און אָט איז ער שוין מיט קראַלן און שנאָבל ביי די גרויסע, פון ליבע לויכטנ־דיקע, אויגן.

אָבער זיין בליק האָט אָנגעטראָפן דעם פונק פון אייביקן האַס, וועלכער האָט אַרויסגעטליעט אין ווינקל פון דעם לינקן אויג, ווי פון אונטער אַ הויפן גליענדיקער אַש. אַ סעקונדע האָט ער זיך רואיק איינגעהאַלטן אין דער לופט, מיט דער גאַנצער רציחה־לוסט אין שנאָבל און קראַלן, און דערנאָך האָט ער אויפגעשריען מיט אַ מין אויפיובלען, ווי ער וואָלט אַ פריינט אַנטדעקט. ער האָט זיך

עטלעכע מאָל איבערגעקוליעט אין דער לופֿט פֿאַר ווילדער, אויסגעלאַסענער שמחה, און דערנאָך אַראָפּגעלאָזן זיך אויפֿן קאָפּ פֿון דעם שטיינבילד מיט אַ געפּיל פֿון גרויסער דערלייכטערונג. מיט פֿריילעכער צופֿרידנקייט האָט ער איינגעבויגן זיין קאָפּ נאָך לינקס און מעשה ווילער יונג אַראָפּגעקוקט צו דעם פּונק פֿון האַס אין דעם לינקן ווינקל. איינמאָל, און נאָך אַמאָל, און נאָך אַמאָל, און דאַן האָט ער דערזען די פֿאַרוווּנדעטע טויב צו־פֿוסן פֿון יעזוס. זי האָט שוין לאַנג דערפֿילט איר מערדער און געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען אויף אוועקצורוקן זיך און געצאַפּלט זיך אין אירע שמערצן. מיט דעם אויפֿגעשריי פֿון אַנטציקונג האָט זיך דער קאָרשון אַראָפּגעלאָזט צו איר. מיט פֿאַרגעניגן צוגעקוקט זיך אַ ווײַלע צו איר שרעק און צאַפּלען זיך, און דאַן אַריינגעשטאָכן אין איר זיינע קראַלן און אויפֿגעהויבן זיך מיט איר אויפֿן קאָפּ פֿון יעזוס. אַ קוק טוענדיק נאָכאַמאָל אין דעם ווינקל פֿון דעם לינקן אויג, האָט ער זיך הנאהדיק גענומען צו דער פֿאַרצערונג פֿון דעם וואַרעמען בלוט און פֿלייש, באַנוצנדיק דעם קאָפּ פֿון יעזוס ווי אַ גרויסן טיש.

באַלד האָט אַ וואָלקן ווייסע פֿעדערן און פּוך פֿאַרשפּרייט זיך אין דער לופֿט איבערן קלויסטער. עפּעס אַ קנאָכן האָט זיך אַראָפּגעקייקלט און איז אַראָפּגעפֿאַלן, באַגלייט פֿון דעם גיריקן בליק פֿון דעם קאָרשון, און דינע רצועות בלוט האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצוגיסן זיך פֿון אַלע זייטן פֿון דעם קאָפּ. עטלעכע האָבן געטראָפֿן אין די אויגן און זיינען דאָרטן געבליבן שטיין. אָבער ווען דאָס לינקע אויג איז איבערגעפֿילט געוואָרן מיט בלוט, האָט איין טראָפּן, ווי אַ בלוטיקע טרער, אָנגעהויבן צו קייקלען זיך אַראָפּ, אַראָפּ, ווי ער וואָלט געשטרעבט צונויפֿצוגיסן זיך מיט דעם נישט אָפּגעוואַשענעם בלוטפֿלעק גאַנץ אונטן אויף דעם טרעפּשטיין, דאָרטן, ווו ער באַרירט די ערד. — —

1920

## 1

אין דער וועלט פון איר פאָטער האָט זי געהייסן מנוחה דעם רבס, אָדער מנוחה ר׳ אהרנס. אין איר אייגענער וועלט האָט זי גע־הייסן מאַריאַ אַרקאַדיעוונאַ.

אַרקאַדי איז נישט אַהרן, דאָך פלעגט דער נאָמען דערמאָנען זי אַמאָל אויף אַ הויכן ייד מיט אַ שטריימל און פאות, און פאַר־בייגייענדיק שוין, אויך אויף אַ קורצער באַשייטלטער יידענע.

עפּעס ווייט אַזוי און פרעמד.

אַמאָל האָט זי ליב געהאַט אָט דעם הויכן לאַנג־באָרדיקן ייד און די קורצע, פרום־איינגעבויגענע יידענע. ביסלעכווייז איז אַריינ־געטראָטן דערווייטערונג. ווי די ערד צווישן זיי וואָלט זיך צו־שפּאָלטן. זיי זיינען געבליבן אויף איין זייט, זי אויף דער אַנדערער. און איר זייט האָט זיך אַוועקבאַוועגט, אַוועקגעטראָגן אַלץ ווייטער און ווייטער. גרעסער איז געוואָרן דער אָפּגרונט צווישן איר און זיי, קלענער זיינען געוואָרן די געשטאַלטן פון די עלטערן, ווייט און פרעמד... וואָס ווייטער, אַלץ פרעמדער...

אַזוי פרעמד, אַז זי האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נויטיק אַוועקצופאָרן פון זיי אין אַן אַנדער שטאָט. עס איז נישט געווען שיין פאַר דעם רב און דער רביצין, וואָס זייער טאָכטער האָט זיך באַזעצט אין דער גויאישער גאַס און ארומגענומען זיך מיט כלער־ליי גוים, און מיט יידישע קינדער, וואָס זיינען ערגער פאַר גוים. און עס איז אויך געווען אַ ברויט־סכנה: שטאָט האָט זיך

געברוגזט, וואָס דעם רבס טאָכטער איז באַלד אַזוי גוט, ווי גע־
שמדט.

איר האָט עס נישט געאַרט. דעם טאַטנס געפילן זיינען איר
געווען פרעמד, זיין לאַגע איז איר נישט אָנגעגאַנגען. זי האָט גע־
וואָלט זיין פריי, און איז געווען פריי.

פריי זיין הייסט איבעררייסן, און זי האָט איבערגעריסן. פריי־
זיין הייסט פאַרגעסן, און זי האָט פאַרגעסן.

## 2

אַן אומרו האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער שטאָט איינמאָל אין אַ פרילינג, ווי אַ שוואַרצער וואָלקן. ווי אַ פינסטערניש.

קיינער האָט נאָך קיין בייז וואָרט נישט אַרויסגערעדט, אָבער מען האָט שוין געוווּסט: עפּעס רוקט זיך אָן אויף די יידן. די וואָרט־קאַרגקייט פון די גויאישע שכנים האָט עס פאַרראַטן, זייערע אויגן האָבן עס דערציילט. אַ גיפטיק שווייגן, בייז־געלעכטער־בליקן, רשעות־שמייכלען...

ביסלעכווייז איז אַרויסגעקומען די גרויזאַמע באַשטימטקייט: עס גרייט זיך אַ מיליטערישער פּאָגראָם. סאָלדאַטן וועלן שלאָגן, שיסן, טויטן; פּויערים פון די אַרומיקע דערפער און מעשטשאַנעס פון שטעטל וועלן ראַבעווען.

דער אויפטוער איז דער פּאָלקאָווניק, כדי מען זאָל זיך דער־מאָנען אויף אים אין פּעטערבורג. ווייל קיין מלחמה מיט קיין אויסערן פיינט איז נישט געווען, וועט ער ציען אויף זיך אויפמערק־זאַמקייט אין מלחמה מיט דעם אינערן פיינט...

די עלטערע יידן, און דער עיקר די פּני, האָבן געזוכט צוצו־קומען צום פּאָלקאָווניק. אויסקויפן זיך ביי אים, באַגיטיקן אים, מאַכן אים פאַרגעסן פּעטערבורג. אָבער ער האָט קיינעם נישט צו־געלאָז׳ן צו זיך.

די יינגערע יידן, און דער עיקר די אינטעליגענטן און די אַר־בעטער, האָבן געטראַכט פון אָפּראַמען אים און פון זעלבסטפאַר־טיידיקונג. אָבער די אָפּראַמונג וועט נישט זיין פאַרהיטונג. און וואָס איז זעלבסטפאַרטיידיקונג קעגן באַוואָפנטע סאָלדאַטן? דער פאַרצווייפלטער זעלבסטשוץ וועט זיין שטאָלצע זעלבסטפאַרניכ־טונג...

## 3

צו מאַריאַ אַרקאַדיעווגאַן איז אין אַ פינסטערן אָוונט אַריינ־געקומען איר פאָטער דער רב, געבליבן שטיין אין שאָטן ביי דער טיר, אָנגעשפאַרט מיט ביידע הענט אויף זיין דיקן שטאָק, ציטערנ־דיק אין אַלע אברים, נישט קאָנענדיק קומען צום אָטעם. זיינע איינגעפאַלענע אויגן, אין וועלכע אַ באַליידיקט כעסדיק האַרץ האָט אַרויפגעכוואַליעט זודיקע טרערן, האָבן זיך אַ הייב געטאָן צו אַ גע־וויסן ווינקל, וועלכער איז געווען פוסט, אָבער אין וועלכן דער אַל־טער ייד האָט דערוואַרט צו דערזען אַן איקאָנע מיט אַ ברענענדיקן לעמפל אונטער איר. זיין האַרץ האָט געהאַמערט און געקלעמט, און זיין מויל האָט זיך אומבאַוועגט, אַרונטערשלינגענדיק די טרערן, וועלכע האָבן זיך נישט געטאָרט באַווייזן.

מאַריאַ אַרקאַדיעווגאַ איז געזעסן ביים טיש, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען די ברענענדיקע, באַשירמטע לאָמפּ, און האָט עפּעס געשריבן. ווען ער איז אַריינגעקומען, האָט זי אויפגעהויבן די אויגן פון איר אַרבעט, אַ צוק געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער, שיר אויפגעשריען פאַר איבעררואַשונג, איז אויפגעשפּרונגען און האָט זיך שטאַרקער איינגעקוקט אין דער טונקלקייט פאַר דער טיר. קיין שום באַגריסונג נישט פון ביידע זייטן. אָן אַ גוטן אָוונט ער, אָן אַ גוטן אָוונט זי. ווי זיי וואָלטן ביידע שטים און שפּראַך פאַרלאָרן.

„וואָס איז — געשען?" האָט זי ענדלעך געפרעגט, ווי מעג־לעך רואיק, באַקעמפנדיק די אויפרעגונג.

„דו ווייסט,‟ האָט ער געענטפערט, קורצאָטמיק פאַר אויפרעגונג.

„מיט דער מאַמען עפּעס?‟

„וואָלט איך צו דיר נישט געקומען.‟

זיין ענטפער האָט אויפגעדעקט דעם אָפּגרונט צווישן זיי. דאָס האָט זי האַרט געמאַכט, איינגעלייגט איר אויפרעגונג.

„איז וואָס האָט דיך געבראַכט צו מיר?‟ האָט זי טרוקן געפרעגט, דערביי ווי צופעליק אַ הייב געטאָן דעם שירם איבער דעם לאָמפּ, באַלויכטן אַביסל מער די געשטאַלט ביי דער טיר.

„נישט מיינע צרות, גרעסערע צרות האָבן מיך געבראַכט אַהער,‟ האָט ער פעסט געענטפערט און שטרענג אָנגעקוקט זי אין דעם ליכט, וואָס איז געפאַלן אויף אים.

„ווילסטו זיך נישט צוזעצן?‟

זי האָט אָפּגעלאָזן דעם שירם און אַ רוק געטאָן אַ שטול ביים טיש.

ער האָט פאַרבייגעלאָזן די איינלאַדונג, איז געבליבן שטיין אויף זיין ווידער טונקל־געוואָרענעם פּלאַץ ביי דער טיר, אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטאָק.

„אַ פּאָגראָם רוקט זיך אָן אויף אונז,‟ האָט ער געזאָגט און זיין שטים איז געוועזן באַנעצט מיט טרערן. „אַ מיליטערישער פּאָגראָם, אַ פּשוטע שחיטה...‟

זיין שטים איז פאַרשטיקט געוואָרן, אָבער ער האָט זיך באַהערשט און ווייטער גערעדט:

„דו, זאָגט מען, טרעפסט זיך מיט דעם פּאָלקאָווניק...‟

„איך האָב זיך געטראָפן מיט אים נאָר איין מאָל.‟

„חברסט זיך מיט זיין שוועסטער...‟

„די שוועסטער האָט ביי אים קיין דעה נישט.‟

אירע פאַראויס־ענטפערס האָבן אים גערייצט. עטוואָס פון דעם שטענדיקן כעס, וועלכן ער האָט אויף איר געטראָגן, האָט אויפגעפלאַמט אין אים.

„לאָז מיך דאָך אויסרעדן!‟ האָט ער שטרענג געזאָגט, דערהעכערנדיק זיין שטים.

„אנטשולדיק, וואָס איך האָב דיך איבערגעריסן," האָט זי געדולדיק געענטפערט. אָבער אין איר שטים איז געווען אָפּנייגונג, איז געווען אָנצוהערעניש, אַז ער האָט נישט מער וואָס צו רעדן. זי וועט אים געדולדיק אויסהערן ביז צום סוף, אָבער דעם ענטפער האָט זי אים שוין געגעבן.

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַראַכטונג. ווען ער איז געגאַנגען צו איר, האָט ער געהאַט שלום און מחילה אין זיין האַרץ. זי וועט העלפן און אויסקויפן דערמיט אַ סך פון אירע זינד. אפשר האָט גאָט צוליב דעם אַוועקגעשיקט זי פון זיין הויז, אָבער איצטער הערט ער, אַז זי קאָן נישט אָדער וויל נישט העלפן...

„האָסטו קיינעם נישט, וואָס זאָל יאָ האָבן אַ דעה ביי אים?" האָט ער ביין אַ זאָג געטאָן. „וואָס איז מכח דעם גאַלאָוואַס טאָכמער און דעם פּראָקוראָרס זונדל?"

זיין טאָן האָט זי באַליידיקט.

„וואָס אַרט דיך, אַז דו וועסט זאָגן זון?" האָט זי קאַלט געזאָגט.

ער האָט אויפגעפלאַקערט:

„דאָס איז אַלץ, וואָס דיך אַרט?!"

„מיך אַרט נאָר, וואָס דו ביזט געקומען קריגן זיך מיט מיר," האָט זי רואיק געענטפערט.

זיין אַלטער כעס האָט אויפגעקאָכט.

„איך בין געקומען," האָט ער בייז געזאָגט מיט צונויפגעדריקטע ציינער, „איך בין געקומען, ווייל איך האָב אַ טעות געהאַט!... איך האָב געמיינט, אפשר... איך וויים... אָבער ביזט ביזט..."

ער האָט אויפגעהויבן די הענט, געוואָלט אַרויפוואַרפן אויף איר קאָפּ אַ זייער האַרב וואָרט, אָבער ער האָט דאָס וואָרט נישט געפונען. אפשר דערפאַר, ווייל צופיל ווערטער האָבן זיך געשפּאַרט, געריסן אין אים, האָט ער אַרויפגעוואָרפן אויף איר מיט ביידע הענט אַ שווערן, פאַראַכטונגספולן „אוי!" און אויסגעדרייט זיך צו דער טיר. אוים געוויינהייט האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ בליק

אהין, ווי אַ מזוזה איז צוגעשלאָגן אין יידישע הייזער, און פּלוצ־לונג אויפגעיאָמערט און איז שנעל ארוים.

זיין אויפיאָמער האָט איר אַ שניט געטאָן אין הארצן, פאַר־גליווערט איר בלוט. עס איז איר געווען, ווי זי דאַרף אים נאָכ־לויפן, אומקערן אים, בארואיקן. אָבער זי איז געבליבן זיצן אַ פאַר־טומלטע, אַן אָפּהענטיקע.

פאַרוואָס האָט זי אים נישט געדולדיק אויסגעהערט? פאַרוואָס איז זי אַזוי איילִיק געווען מיט אירע ענטפערס? זיינען אירע ענט־פערס געווען ריכטיק?

עפּעס האָט זי אַ הייב געטאָן פון אָרט. זי האָט געמאַכט אַ פּאָר שפּרייז איבערן חדר, אָפּגעשטעלט זיך, געצופּט איר טאַשנ־טיכל, געמאַכט ווידער אַ פּאָר שריט און ארויסגעלאָפן פון שטוב. נאָכגעלאָפן נאָך דעם פאָטער, אָנגעיאָגט אים, נישט אָפּגעשטעלט אים מיט אַ צורוף „טאַטע!", נאָר אָנגערירט מיט איר האַנט זיין אָרעם און ארויסגעסאָפּעט:

„איך וועל זיך זען מיטן פּאָלקאָווניק."

און איז גלייך צוריק אוועק, נישט אָפּגעוואַרט צו זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק איר דערקלערונג האָט געמאַכט, צו הערן, וואָס דער טאַטע וועט זאָגן.

דער רב איז שטיין געבליבן, האָט זיך אומגעקוקט, געוואָלט זי צורופן, זאָגן איר, וואָס זי דאַרף רעדן מיטן פּאָלקאָווניק. אָבער די אנטשלאָסנקייט, וועלכע איז געלעגן אין איר שטים און אין דער האַלטונג פון איר קערפּער, האָט אים געזאָגט, אַז זי דאַרף זיין עצה נישט. ער איז אוועק זיין וועג, פרום מורמלענדיק: „אַ נס מן השמים!"

זי האָט די גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן. איבערגע־סלערט און איבערגעטראַכט, ווי און וואָס זי וועט רעדן מיטן פּאָל־קאָווניק. זי האָט אַ שטים, וועלכע גייט טיף אין האַרצן פון די צו־הערער, און זי האָט די נויטיקע געדאַנקען און ווערטער. זי וועט רעדן צו דעם מענטש אין אים, וועקן אין אים דאָס בעסערע. זי וועט אים אויך דערווייזן, אַז ער וועט זיך נישט טאָן קיין טובה: דער פּאָגראָם וועט רואינירן די שטאָט, וועט שווערער מאַכן די אַזוי שוין אויך צו־שווערע לאַגע פון די איינוווינער. זי וועט אים דערקלערן, אַז ער, דער געבילדעטער מענטש, דאַרף זיך נישט דער־נידעריקן צו דער שטופּע פון אַ פּשוטן כוליגאַן. זי וועט אים הנפּענען, זי וועט אים... אַ, זי וועט שוין!...

זי איז געוועזן מיד און געוואָלט רוען, איינשלאָפן, אָבער די געדאַנקען האָבן נישט אָפּגעלאָזן, און זי האָט נישט אויפגעהערט צוזאַמענשטעלן זיך דעם געשפּרעך מיטן פּאָלקאָווניק.

אינדערפרי האָט זי זיך טעלעפאָניש פאַרבונדן מיטן פּאָל־קאָווניק און געזאָגט אים, אַז זי וויל זיך מיט אים זען.

פון זיין זייט איז געקומען דער ענטפער:

„פאַר אַזאַ שיינער יידישקע בין איך שטענדיק גרייט צו יע־דער מינוט פון טאָג און נאַכט...״

ציניש, זיסלעך, גראָב.

זי האָט אויפגעשוידערט. דידאָזיקע זייט פון דער אונטער־רעדונג מיט אַ מענטש, וואָס אָרגאַניזירט אַ פּאָגראָם, איז איר גאָר־

נישט איינגעפאַלן. זי האָט פאַרגעסן, אַז זי וועט קומען צו אים א יונגע, שיינע מיידל, און א יידישקע דערצו, פאַר וועלכער ער האָט קיין שום דרך־ארץ נישט.

זי האָט אויפגעהאַנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל מוטלאָז און דערשלאָגן.

ער וועט איר שטים נישט באַמערקן, אירע ווערטער נישט הערן, אירע געדאַנקען פאַרלאַכן. ער וועט נאָר זען איר שיין גע־זיכט און איר יונגן, אַפּעטיטלעכן קערפּער. זי וועט רעדן צו אים אין נאָמען פון מענטשלעכקייט, און ער וועט בײַ איר פרעגן: „וואָס וועט איר מיר געבן?‟ און פאָדערן איר קערפּער. וועט זי דאָס טאָן? וועט זי דאָס קאָנען טאָן? ווען זי גייט צו אים, מוז זי גרייט זיין אויף אַלץ... איז זי גרייט?

זי איז צוגעפאַלן צום טיש מיטן קאָפּ, און דאָס לייב האָט אויף איר געבּרענט.

איר לעבן אַוועקגעבן, אָבער נישט איר קערפּער!...

פאַרוואָס? וואָס איז דאָ אַזוינס? א פּאָראורטייל... אַן אָבער־גלויבן... איז דער קערפּער אַזוי הייליק? אַז זי וועט פאַרגוואַלטיקט ווערן אין פּאָגראָם פון א שיכורן סאָלדאַט, וועט זיין בעסער?

פאַרוואָס נישט — מאַכן זיך וואָס שענער, פאַרפירעריש אַפּע־טיטלעך, גיין צום פּאָלקאָווניק, אַריינוואַרפן אים אין היץ פון תאוה און געבן אים זיך אַלס פּרייז פאַרן פּאָגראָם?

אָבער זי האָט געשאָקלט דעם קאָפּ מיט עקל און געשריען צו זיך אַליין: ניין! ניין!

שפּעטער אין טאָג האָט זי זיך געזעגן מיט איר פאָטער, גע־זאָגט אים, אַז זי קאָן נישט גיין צום פּאָלקאָווניק. דערקלערט אים, פאַרוואָס.

דער רב האָט אָפּגעזיפצט, וואָס א שטאָט מיט יידן איז גע־בליבן אָרעמער מיט א שטיקל האָפענונג. אָבער גאָט איז א פאָטער, ער וועט מוזן העלפן. און געלויבט און געדאַנקט איז זיין נאָמען, וואָס די פאַרבלאָנדזשעטע טאָכטער איז דאָך אַן אמתע יידישע טאָכטער, וואָס היט אָפּ איר מיידלשע ריינקייט.

אָבער זי האָט זיך נישט באַרואיקט. זי האָט ווייטער געטראַכט־

פארוואָס נײן? אויב זי קאָן מיט איר קערפּער ראַטעווען אַ שטאָט מיט ייִדן, פאַרוואָס זאָל זי עס נישט טאָן? זי האָט געוואָלט באַגרײפן, קלוג ווערן אין דעם. פאַרוואָס נײן?

זי האָט זיך ווי אָוועקגעשטעלט דרויסן פון איר קערפּער, אויסגעטאָן זיך פון אים. געשטעלט זיך קעגן אים, גערעדט צו אים, געבעטן זיך בײ אים... אַ טאָג און צווײ... אונטערגעגעבן אים מוט, געהייסן אים אויסטאָן זיך פון דער אומדערקלערלעכער בושה, באַפוילן אים...

זי איז שוין אײנמאָל געווען אויפן וועג צום פּאַלקאָווניק, געשלעפּט דעם קערפּער מיט געוואַלט און אומגעקערט זיך צוריק. איר וועזיכט איז געווען פאַרוויײטיקט, פאַרטרערט, פאַרצערט.

האָט אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם.

סאָלדאַטן האָבן געשאָסן און געטויט און פֿאַרגוואַלטיקט. פּויערים און מעשטשאַנעס האָבן גערויבעוועט.

מאַריאַ אַרקאַדיעווינאַ איז שיִער נישט משוגע געוואָרן. זי וואָלט דאָך דאָס אַלץ געקאָנט פֿאַרהיטן... פֿאַרוואָס האָט זי נישט דערשלעפּט איר קערפּער צום פּאָלקאָווניק? פֿאַרוואָס איז עס אַזוי אוממעגלעך געווען? צנועה! צנועה!

זי האָט זיך אַליין פֿאַראַכט. געפֿילט זיך שולדיק.

צוויי וואָכן שפּעטער האָט זי אויסגעקויפֿט איר שולד. זי האָט אָפּגעוואַרט דעם פּאָלקאָווניק אין דעם איינזאַמען הויף, אין וועלכן זיין שוועסטערס הויז איז געשטאַנען. אַ רעוואָלווער האָט אויפֿגעבליצט, און דער פּאָגראָם־מאַכער איז געפֿאַלן מיט אַ קויל אין שטערן.

דער הונט, וואָס האָט אים באַגלייט, אַ ריזיקער בערנאַרדינער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ לייב, האָט זיך מיט ווילדער בייזקייט אַ וואָרף געטאָן אויף דער שיסערין. ער האָט זי אָנגעכאַפּט פֿאַרן קלייד און נישט אָפּגעלאָזן, אַפֿילו ווען איר קויל האָט אים טויטלעך פֿאַרוווּנדעט.

דאָס איז געווען אַ נישט־פֿאָראויסגעזעענע פֿאַרהאַלטונג. מענטשן זיינען זיך צונויפֿגעלאָפֿן. מען האָט זי געכאַפּט. ביז וואַנען וואָרט האָט מען זי געשלאָגן. דערנאָך...

אָבער איר איז אַלץ ניחא געווען...

1931

איך וויל אַ בילד אויפשטעלן — אַ בילד אויף דעם ייִדישן באַזאַר.

גרויס זאָל דאָס בילד זיין און ברייט, אָבער זייער העסלעך.

אין גרין זאָל עס זיין באַפאַרבט, אָבער נישט אין דעם פריי־לעכן, האַרץ און אויגן דערקוויקנדיקן גרין פון די פרילינגס־פעלדער, נאָר אין דעם גרוי־גרין פון בייזע שלאַנגען־אויגן, מיט וועלכער די קנאה קוקט און די גיריקע קאַרגקייט.

און אין געל זאָל עס זיין באַפאַרבט — אין אַ שרייענדיקן געל, וואָס טרייבט עקל און איבלקייט ביז הויך אין האַלז אריין, אין דעם חוצפּהדיק־מיאוסן געל, וואָס איז די פאַרב פון פאַרראַט.

און שוואַרץ וועט נישט מאָרן פעלן. דאָס מאַטע שוואַרץ. וואָס איז די פאַרב פון טרויער און פינסטערניש. דאָס שוואַרץ, וואָס עפנט אויף אונזערע טרערן־קוואַלן און דריקט דעם האַלז אונז צו אין אַ וויינערישן ספּאַזם. דאָס שוואַרץ, וואָס פילט אונז אָן מיט שרעק און שוידער פון דער נאַכט.

און גרוי, גרוי, גרוי. ווי אַ גרויער טאָג, אין וועלכן יעדע לעבנס־ענערגיע פאַרלאָזט אונז, אין וועלכן יעדע פרייל־עכקייט ווערט דערדריקט אין אונז און די גרויסע אָפּהענטיקייט און אָפּגע־לאָזנקייט נעמט די אויבערהאַנט איבער אונז.

אַזוי וויל איך באַפאַרבן דאָס בילד, וואָס איך וויל אויפ־שטעלן — דאָס בילד אויף דעם באַזאַר. קאַרגקייט־גרין און עקל־געל און טרויער־שוואַרץ און מוטלאָז־גרוי.

און נאַקעט וועלן זיין די ווענט פון מיין בײדל, און קיין שום שטיקל מעבל וועט זיין העסלעכקייט נישט איבערברעכן.

און עס וועט קומען דער עולם און וועט זיך וווּנדערן:

„גרויס איז דאָס בײדל און ברייט, אָבער פאַרוואָס איז עס אַזוי העסלעך?"

„און פאַרוואָס זיינען נאַקעט די ווענט? און פאַרוואָס איז עס פוסט און ליידיק?"

„וואָס ווערט דען דאָ פאַרקויפט? פאַרקויפט מען דאָ וואָס?"

און איך וועל זיך פאַרבויגן, ווי דער העפלעכסטער פאַרקויפער, וועלכער פאַרשטייט גאַנץ גוט זיין געשעפט, און איך וועל זאָגן:

„ביטע, מיינע דאַמען און הערן, טרעט נאָר אַריין. איך האָב סחורה לרוב.

„קוקט נישט, וואָס נאַקעט זיינען די ווענט, און אייערע אויגן זעען דאָ גאָרנישט.

„מיין בײדל איז פול געפּאַקט, און קוים איז עס גרויס גענוג אויף אַריינצונעמען אַלץ, וואָס איך האָב געקאָנט אויסלייגן אין אים."

און די דאַמען און הערן וועלן זיך נאָך מער וווּנדערן, אָבער איך וועל זיי זאָגן:

„מיין סחורה זיינען די אַפּזאָגן, וועלכע די קלייבער און זאַמלער האָבן געקראָגן — די קלייבער און זאַמלער, וועלכע האָבן נישט פאַר זיך געקליבן, נאָר פאַר די אומגליקלעכסטע קרבנות פון דער אומגליקלעכסטער מלחמה.

„די אָפּזאָגן, וועלכע זיי האָבן געקראָגן פון יידישע מענער און פרויען, וועמעס הערצער זיינען קאַלט געבליבן צום גרויסן בראָך, וואָס האָט געטראָפן אונזערע שוועסטער און ברידער אין די אומגליקס־לענדער.

„מיין סחורה זיינען די פאַראַכטונגס־בליקן, מיט וועלכע די

אַפּזאַגער האָבן באַגעגנט און אַרויסבאַגלייט די פּלייסיקע קלייבער און זאַמלער.

„די געמיינע וויצן, וועלכע זיי האָבן איבער זיי געמאַכט, די לצנות, וועלכע זיי האָבן איבער זיי געטריבן, די בזיונות, וועלכע זיי האָבן זיי אָנגעטאָן — ווי האַרט־האַרציקע, פיינטלעכע פרעמדע צו פרעמדע לוויזיקע שנאָרער.

„מיין סחורה איז דאָ ביי מיר פיין אויסגעסאָרטירט און אָרנטלעך אויסגעלייגט, אַפּזאָג מיט אַפּזאָג, בליק און בליק, וויץ ביי וויץ.

„אויך אויסגעמישט ליגן זיי, געדריטלט: טרוקענער אַפּזאָג און פאַראַכטונגס־בליק און געמיינער וויץ.

„פול געפּאַקט דאָס ביידל, פון דער ערד ביז צום באַלקן און פון וואַנט צו וואַנט.

„טרעט נאָר אַריין, עס וועט אייך קיין געלט נישט קאָסטן. מיין סחורה איז נישט צום קויף און פאַרקויף.

„נאָר צום אָנזען ליגט זי דאָ. צום אָנטשטוינען איז זי דאָ אויסגעלייגט.

„און צו אייביקער שאַנד פון די יידישע מענער און פרויען, וועלכע האָבן געהאַט דאָס האַרץ אָפּצוזאָגן, ווען מען האָט ביי זיי געבעטן אויף זייערע ברידער און שוועסטער, וועלכע קומען אום אין גרויסן אומגליק."

אזוי וועל איך דערקלערן מיין סחורה פאַר דעם גרויסן עולם, וועלכער וועט אָנשטוינען די גרויסע העסלעכקייט פון מיין ביידל און זיין מערקווירדיקע פוסטקייט.

און אויפשוידערן וועלן די דאַמען און די הערן, און פאַר־שעמען וועלן זיי זיך, און פון אַלע ביידלעך אויפן באַזאַר וועלן זיי גאָר איבער מיין ביידל רעדן. איינס דאָס אַנדערע וועלן זיי פרעגן:

„האָט איר געזען דאָס מערקווירדיקע ביידל, וואָס איז אַזוי מוראַדיק העסלעך און אַזוי פוסט און דאָך אַזוי אָנגעפּאַקט?"

און איינס דעם אַנדערן וועט זאָגן:

„איר מוזט גיין און אָנקוקן דאָס מערקווירדיקע ביידל, וואָס איז אַזוי מוראדיק העסלעך און פּוסט, און דאָך אָנגעפּאַקט, אַז אַ שפּילקע קאָן נישט דורך. איר מוזט גיין און אָנקוקן דאָס מערק־ווירדיקע ביידל, ווייל זיין סחורה איז גאַנץ אומגלויבלעך.“

יאָ, אַזאַ ביידל גיי איך אויפשטעלן אויף דעם יידישן באַזאַר און רופן וועל איך מיין ביידל — —

און רופן וועל איך מיין ביידל: ד אָ ס ב י י ד ל פ ו ן ב ז י ו נ ו ת.

1916

הימל, זון און כוואַליענדיקער ים. די ריזנשיף — איינע פון די גרעסטע, וואָס ייִען איבער דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן אונטער דעם שטאָלצן פלאַג פון ענגלאַנד — ווערט אומגעוואָרפן ארויף און אראָפּ, קרעכצט אין אַלע אירע נעט, אָבער לויפט ווייטער, ווייטער. דער ים איז וועגלאָז, צייכנלאָז, אָבער די שיף גייט מיט זיכערקייט, ווערט אַלץ נעענטער צו איר ציל, צום אמעריקאַנער ברעג.

מוזטו אַנקומען? קאָנסטו נישט גיין, גיין? קאָנסטו נישט פאַרבלאָנדזשען? גיי אַוועק נאָך דרום ווייט, ווייט, קער זיך אום נאָך צפון ווייט, ווייט, און דערנאָך ווידער צום מזרח, פון וואַנען דו ביזט אַוועק... דריי זיך אין קרייז... אין אייביקן קרייז... אין אייביקן געדריי... דער ים האָט דאָך נישט קיין וועג...

דאָס זיינען געדאַנקען, וואָס מאַכן דעם ווייטיק אין האַרצן נאָך שווערער. און די יונגע מיידל דריקט איין איר ברוסט, און פון אירע בלויע אויגן קאַפּעט, קאַפּעט. די טרערן פאַלן אויף דער ברייטער פאַרענטשע, ביי וועלכער זי שטייט, און רינען פון דאָרטן אין ים אריין. געזאַלצענע טראָפּנס פון אַ ים פון צרות. אויף איר ליידיקן שיפשטול הינטער איר, האָט דער נאָמען ל ע ו ו י דערקלערט אירע טרערן.

אַ בלאָנדע יידישע שיינהייט, ארויסגעצוווּנגען פון דייטשלאַנד, אויפן וועג אין גלות. אָט אַזוי שטייט זי ביי דער פאַרענטשע דעם גרעסטן טייל פון טאָג, קוקט, קוקט... קוקט ארויס איר בענקעניש און פאַרצווייפלונג, די אויגן פאַרוואַלקנט פון טרערן.

זי איז געבאָרן געוואָרן אין דייטשלאַנד פון אין דייטשלאַנד

געבאָרענע יידישע עלטערן. און זי האָט אַזוי געליבט איר געבורטס־לאַנד! — „דייטשלאַנד איבער אַלעס”! זי האָט געוווּסט, אַז זי איז אַ יידיש קינד, אָבער זי האָט נישט געוווּסט, וואָס איז דער חילוק צווישן איר און דעם אַרום. זי האָט געלייענט אַנטיסעמי־טישע אָנפאַלן אויף יידן אין לייכטע צייטונגען און שווערע ביכער. געוויסע ערטער אין דער בערלינער אוניווערזיטעט, אין וועלכער זי האָט געשטודירט, זיינען געווען באַשריבן און באַמאָלט מיט העסלעכע יידן־באַליידיקונגען. אָבער זי האָט ווירקלעך נישט גע־ווּוּסט, אַז מען מיינט דערמיט אויך זי און איר פאָטער, דעם דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע און רעדאַקטאָר פון איינעם פון די וויכ־טיקסטע און אָנגעזעענסטע זשורנאַלן אין דייטשלאַנד. די נאַצי־געפאַר האָט זי נישט געשראָקן. קיינמאָל וועט היטלער נישט קו־מען צו דער מאַכט. מ'איז אין דייטשלאַנד צו קלוג און בר־דעת־דיק. און קיינמאָל וועט די געפאַר נישט דערגרייכן זי און איר פאָטער. זי איז געווען אין דעם זיכער, ווייל אַזוי האָט געזאָגט איר קלוגער געלערנטער פאָטער.

אָבער דאָס אוממעגלעכע איז געקומען. ווי אַ הייזשעריק־אוי־בערפאַל, אַן ערד־ציטערניש, אַ פאַרפלייצונג. זי איז אַרויסגע־שווענקט געוואָרן פון דער אוניווערזיטעט, און אין דעמזעלביקן טאָג האָט זיך אַ באַנדע נאַצים אַריינגעריסן צום טאַטן און אַרויס־געוואָרפן אים פון דער רעדאַקציע. דער אָנפירער פון דער באַנדע האָט אים נאָך דערלאַנגט דערביי צוויי פייערדיקע פעטש.

„דאָס האָסטו דיר, שמוץ־ייד, פאַר דיין קריטיק אויף מיין בוך „צונאָגמע ביינער” און דאָס פאַר דיין קריטיק אויף מיין בוך „די געוואָלטע פאַרגוואַלטיקונג”! און מאַך, אַז דו זאָלסט פאַר־שווינדן, אַז נישט, דערשיס איך דיך דאָ ווי אַ קרעציקן הונט!”

ד״ר לעווי האָט געוואָלט בעסער דערשאָסן ווערן, אָבער ער איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן, אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון אַלע טרעפּ.

געמוזט אויך גלייך פאַרלאָזן דייטשלאַנד, אַנטלויפן, אָפּ־טראָגן זיך וואָס שנעלער, און זוכן היים און אָנהאַלט ערגעץ־וווּ אַנדערש. בריסל, אַמסטערדאַם, פּאַריז. נישט געפונען. פאַרט מען

אין אַמעריקע. ליגט די מוטער אַ קראַנקע אונטן אין דער קאַבינע, דער פֿאָטער איז כמעט די גאַנצע צייט לעבן איר, קומט זעלטן אַרויף אויף אַ ווײַלע. און זי ווייס, אַז ער באַהאַלט זיך אויס פֿון מענטשן: די צוויי פּעטש, וואָס ער האָט געקראָגן, זײַנען נאָך נישט פֿאַרשוווּנדן פֿון דער באַק. ער האָט עס נישט אַרויסגע־בראַכט איבער זײַנע ליפּן, אָבער ער האָט לכתחילה באַשטעלט נאָר איין שטול אויפֿן דעק. ער האָט בײַ זיך אָפּגעמאַכט נישט צו באַווײַזן זיך אין דעם מענטשנגעווימל אויפֿן דעק. און מערק־ווירדיק, ווען ער האָט געזוכט אַן אָרט פֿאַר איר שטול אויפֿן דעק, האָט ער געלייענט די נעמען אויף די דערבײַיאיקע שטולן און ענדלעך אויסגעקליבן אים צווישן צוויי שטולן, אויף וועלכע עס זײַנען געלעגן צוויי יונגע לײַט, אויף וועמעס געזיכטער, צוויי שיי־נע געזיכטער, האָט מען לײַכט געקאָנט דערקענען דעם ייִד. פֿון זי־כערקייט וועגן האָט ער אויך איבערגעלייענט די נעמען, וואָס די שטולן האָבן אויף זיך געטראָגן. אויף דעם שטול פֿון לינקס האָט זיך געיידלט דער נאָמען זילבערמאַן, אויף דעם שטול פֿון רעכטס דער נאָמען שקלאָווער.

„דאָ, לינכען,“ האָט ער געזאָגט. „דאָ ביזטו געשיצט פֿון באַליידיקונגען.“

אָבער זילבערמאַן איז קאַלט, זייער קאַלט. קוים, וואָס ער באַמערקט זי. ער ליגט אויף זײַן שטול און לייענט אַ בוך. אַ רו־סיש בוך. לייענט אָן אַן אויפֿהער. נאָר זעלטן קוקט ער אַרויס פֿון הינטער זײַן בוך און וואַרפֿט אַ בליק אויף דער בלאָנדער שיינהייט. ער ווייס איר ווײַטיק און האָט פֿאַר איר קיין איין טרייסט־וואָרט נישט. ער קומט פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד אין אַ שליחות פֿון דער סאָוועט־רעגירונג. שטאָלץ אויף זײַן קאָמוניסטישן לאַנד און אויף דער רעוואָלוציע, כאָטש ער איז געווען צוועלף יאָר אַלט, ווען זי איז פֿאָרגעקומען. און אין זײַן רעוואָלוציע־גאווה האָט ער קיין רחמנות נישט אויף דער ווייַנענדיקער ייִדישער בור־זשויקע. ווען ער קוקט זי אָן, ליגט אין זײַן בליק: „זייער רעכט אויף דיר און דײַן טאַטן! פֿאַרוואָס האָט איר נישט געמאַכט אין דײַטשלאַנד די סאָציאַלע רעוואָלוציע?!“

דערפאַר איז שקלאָווער פול מיט רחמנות און אויפמערק־זאַמקייט. ער ליגט אויך מיט אַ בוך אין האַנט, זיינע אויגן זיינען אויף די שורות, אָבער זיין אויער איז מיט זיין שכנה. זי דאַרף זיך נאָר אַ ריר טאָן, און ער נעמט שוין אַוועק די אויגן פון די שורות. וואָס גייט זי טאָן? וויל זי וואָס? ווען ער זעט אירע טרערן, ווערט אים ווייך ביים האַרצן. ווען זי שטייט ביי דער פאַרענטשע, אַן אומגליקלעכע, אַ פאַרביטערטע, וויטיקט זיין האַרץ מיט איר. ער האָט געפּרוווט אַ פּאָר מאָל אַריינציען זי אין אַ געשפּרעך, אָבער זי האָט נישט געוואָלט רעדן, נישט געגעבן די קלענסטע מעגלעכקייט, אויסגעמיטן יעדע געלעגנהייט.

ווען זי לייגט זיך אויפן שטול, איז ער איידעלער קאַוואַליער און פאַרריכט אויף איר די וואַרעמע קאָלדרע. אָבער זי באַהאַלט איר געזיכט, און ער האָט דאָס געפיל, אַז זיין איידלקייט איז איר זייער אומאָנגענעם.

„אַ שיינער טאָג היינט!" זאָגט ער איר.

זי ענטפערט נישט. ער ווייס נישט, אַז זי איז גאָר בייז גע־וואָרן. וואָס דאַרף ער איר זאָגן, אַז דער טאָג איז שיין! זי וואָלט געוואָלט, עס זאָל זיין פינסטער, שטורמיש, רעגנעריש...

„מיר האָבן געמאַכט כמעט זעקס הונדערט מייל," זאָגט ער איר אַן אַ פרייל עכע בשורה.

און זי ווערט נאָך בייזער אויף דעם צודרינגלעכן מזרח־ייִד. פאַרשטייט ער דען נישט, אַז זי וואָלט זיך געפרייט, ווען מ'וואָלט געמאַכט בלויז זעקס מייל? זי וויל גאָרנישט אָנקומען!... זי וויל גאָר צוריק!...

קאָרטשעט זי זיך נאָך מער איין אונטער איר פלעד מיט שווערן אָטעמען און זאָגט קיין וואָרט נישט.

אויפן דריטן טאָג פון דער רייזע איז שקלאָווער געוועזן זי־כער, אַז היינט וועט ער זי אַביסל פאַנאַנדערטרייסלען, פאַראינ־טערעסירן. ווען ער איז צוגעקומען צו די שטולן, איז זי שוין גע־לעגן אַן איינגעדעקטע, איינגעקאָרטשעטע, די טיף־טרויעריקע, פאַרוויינטע אויגן האָבן בלינד געקוקט אויף עפּעס אַ פּינטל אויף דעם דערבייאיקן שטול. זילבערמאַן איז שוין דאָ אויך געוועזן.

געלעגן מיט זיין בוך, ווייניק פאַראינטערעסירט אין דעם צער פון זיין שכנה.

שקלאָווער איז געווען פריילעך און אויפגעלעבט. ער האָט געהאַט גאָר אַ גרויסע בשורה.

,,ווייסט איר, ווען מיר וועלן אָנקומען אין ניו־יאָרק?'' האָט ער אויסגערופן נאָך זיין פריילעך־פריינטלעכן ,,גוט מאָרגן!''

לינכען האָט זיך אַ קאָרטש געטאָן, ווי פון אַ שאַרפן ווייטיק. זי וויל גאָרנישט אָנקומען אין ניו־יאָרק! זי וויל גאָרנישט דער־פאַרן!

,,אויב מיר וועלן גיין ווי נעכטן, וועלן מיר דאָנערשטיק זיין אין ניו־יאָרק,'' האָט זילבערמאַן געזאָגט. ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס בוך און פאַררויכערט.

,,און דאָס וועט זיין פורים!'' האָט שקלאָווער אויסגערופן.

זילבערמאַן האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט פאַראַכטונג.

,,אַ שמחה אַביסל!''

לינכען אָבער איז טאַקע פאַראינטערעסירט געוואָרן. דאָס פרעמדע, אומבאַקאַנטע וואָרט האָט פאַרטשעפעט, נייגעריק גע־מאַכט.

,,וואָס איז עס פורים?'' האָט זי טאַנלאָז אַ פרעג געטאָן און איז געווען אומזיכער אין אַרויסרעדן דאָס וואָרט.

,,ווי? איר ווייסט נישט, וואָס פורים?'' האָט זיך שקלאָווער געוווּנדערט.

,,ניין.''

זילבערמאַן האָט הנאהדיק אָפּגעלאַכט.

שקלאָווער איז געשטאַנען אַ ווײַלע גאַנץ געפּלעפט, דערנאָך אַ פרעג געטאָן:

,,איר לייענט ענגליש?''

,,יאָ,'' האָט זי געענטפערט, פאַרוווּנדערט זיך, וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט דעם פורים.

שקלאָווער איז אַוועק און אין אַ ווײַלע אַרום געקומען מיט אַן ענגלישער ביבל. האָט אויפגעמישט מגלת אסתר, צוגעטראָגן צו איר.

„לייענט און איר וועט וויסן, וואָס פּורים איז.״
זילבערמאַן האָט אויפגעלאַכט מיט חוזק.

זי איז נישט געווען אויפגעלייגט צו ביכער, צו לייענען בכלל. זי האָט דעם גאַנצן וועג גאַרנישט געלייענט, ווייל זי האָט זיך נישט געקאָנט פאַרטאָן, נישט געוווּסט, וואָס זי האָט גע־לייענט. אָבער זי האָט אָנגענומען די ביבל און מיד און אַפּאַטיש אָנגעשטעלט די אויגן אויף דעם אָנגעוויזענעם פּלאַץ, מעכאַניש געלייענט, קאָפּ און האַרץ זיינען נישט געווען אין דעם לייענען.

שקלאָווער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין שטול, אויסגע־צויגן די פיס, איינגעדעקט זיי מיט דעם פּלעד, געקוקט פאַר זיך אין דער וויטקייט פון וואַסער און הימל און געוואַרט. צייטנווייז צוגעוואָרפן איר אַ בליק, געוואָלט זען דעם אויסדרוק פון איר גע־זיכט, טרעפן, ווי זי האַלט.

זילבערמאַן איז ווידער געווען באַהאַלטן הינטער זיין בוך, אָבער דער חוזק־שמייכל איז נאָך אַלץ נישט פאַרשוווּנדן פון זיין געזיכט.

זי האָט געפירט די אויגן איבער די שורות, ביים אָנהייב פון אַ זייטל געוואָלט זיין ביים סוף, געקוקט שוין צום סוף, אָבער ווען זי איז צוגעקומען צום המן־קאַפּיטל, איז זי פאַראינטערע־סירט געוואָרן. האָט אָנגערוקט די ברעמען, אויפמערקזאַם געלייענט וואָרט ביי וואָרט.

שקלאָווער האָט עס באַמערקט, געוווּסט, וואָס זי לייענט איצטער.

„מיט טויזנטער יאָרן צוריק דיזעלביקע טענות קעגן יידן, וואָס איצטער,״ האָט ער אַ זאָג געטאָן.

ליכבען האָט ווייטער געקוקט אויף די שורות, ווי זי וואָלט נישט געהערט, וואָס איר שכן פון רעכטס האָט געזאָגט. אויך זיל־בערמאַן האָט עס פאַרבייגעלאָזן, כאָטש ער האָט געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן.

ענדלעך האָט זי איבערגעלייענט, אָבער די ביבל נישט צו־געמאַכט, נישט אַוועקגערוקט זי, נאָר אַוועקגענומען די אויגן פון די שורות, אָנגעשטעלט זיי אין ז'ער אומבאַשטימטער ווייטקייט.

אַ קנויל פון געפילן און געדאַנקען, אַ געמיש פון היינט און אַמאָל. דייטשלאַנד און פּערסיע, היטלער און המן... פאַרצווייפלונג און רעטונג...

,,איצטער ווייסט איר, וואָס פּורים איז,‘‘ האָט שקלאָווער אַריינגערעדט אין אירע געדאַנקען.

,,איצטער ווייסט איר דעם אומזין,‘‘ האָט זילבערמאַן אַרויס־געברומט פון הינטער זיין בוך.

שקלאָווער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. ער האָט גע־וואָלט הערן אַ וואָרט פון דער מיידל.

זי האָט געוווּסט, אַז זי דאַרף עפּעס זאָגן, אָבער עס איז איר געווען שווער צו געפינען איר קול, צו געפינען ווערטער, צו זאָגן עפּעס. זי האָט זיך געדאַרפט אָנטאָן אַ כוח, צונויפנעמען זיך, און ענדלעך אַרויסגערעדט, נישט ווענדנדיק זיך צום געפרעגטן:

,,פאַרוואָס אומזין?‘‘

שקלאָווער האָט אויפגעלויכטן. זילבערמאַן האָט רואיק, כמעט אַפּאַטיש, געענטפערט:

,,אַ בבא־מעשה... אַ מיניסטער אַ רשע, אַ גזרה אויף יידן, דאַרף גראָד דער קעניג האָבן אַ יידישע ווייב...‘‘

,,פאַרוואָס זאָל עס זיין אומזין?‘‘ האָט לינכען איבערגע־פרעגט, ליגנדיק אַלץ מיטן רוקן צום געפרעגטן.

שקלאָווער האָט אָנגעקוואָלן, און זילבערמאַן האָט פאָרטגע־זעצט נאָך אַפּאַטישער, ווי ער וואָלט זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו דער פרעגערין:

,,אַ שלאָפליד פאַרן פאָלק, אָפּיום. שלאָף רואיק, פאַרלאָז זיך אויף נסים...‘‘ ער האָט דערהערט זיין קול, גערעדט אויפגע־לעבטער: ,,אַז עס זיינען פאַראַן עקאָנאָמישע אורזאַכן, אַז אויב די מעשה איז אמת, איז עס געווען אַן אויפרייס אין דעם פּראָ־צעס פון קלאַסנקאַמף, אויף דעם איז נישטאָ דער קלענסטער אָנ־ווייז. נאָר גאָט האָט זיך מטריח געווען...‘‘

,,אין מגלת אסתר ווערט גאָט נישט דערמאָנט,‘‘ האָט אים שקלאָווער איבערגעריסן.

לינכען האָט אַרויסגעשיקט אַ האַנט פון אונטער איר פּלעד,

גענומען די ביבל. זי האָט נישט געדענקט, צי האָט זי דאָרטן אי־בערגעלייענט גאָטס נאָמען אָדער נישט.

זילבערמאַן איז געווען איבערראַשט און אומגלויביק.

„נישטאָ?" האָט ער געפרעגט כמעט מיט חוזק.

„נישטאָ."

„איך בין נישט אַזוי זיכער."

„איר קאָנט זען."

„ווערט דאָרטן נישט געפּאַסט?"

„אָבער אויך יעמאָלט ווערט גאָט נישט דערמאָנט."

„וואָס דען ווערט געפּאַסט?"

„איר דאַרפט עס וויסן, איר דאַרפט קענען אַ הונגער־שטרייק."

„שוין גאָר אַזוי!"

„אַ־ודאי אַזוי!"

„הע!"

„דאָס איז געווען דער ערשטער פּאָליטישער הונגער־שטרייק. די יידישע באַפעלקערונג אין פּרס האָט קיין אנדער מיטל נישט געהאַט..."

„פּילפּול!"

לינכען האָט צוגעמאַכט די ביבל, אוועקגעלייגט זי אָן אַ זייט.

„נישטאָ דאָרטן גאָט," האָט שקלאָווער זיך געווענדט צו איר.

„איך האָב נישט געקאָנט געפינען," האָט זי געענטפערט.

„ווייל עס איז נישטאָ!" האָט שקלאָווער טריאומפירט.

„אָבער אַ נס איז דאָרטן פאַראַן," האָט זילבערמאַן געזאָגט.

„מ'האָט געשאַפן אַ נס, דאָס פאָלק זאָל גלויבן און פאַרלאָזן זיך אויף אים... און דער נס איז געקומען נישט גלאַט אַזוי זיך, נאָר דורך אַ תענית, וועלכער איז פּלוצלונג געוואָרן אַ פּאָליטישער הונגער־שטרייק..."

„פאַרוואָס לייגט זיך עס אייך נישט אויפן שכל?" האָט אים שקלאָווער איבערגעריסן. „הלואי וואָלטן די זעקס הונדערט מיליאָנט דייטשע יידן דערקלערט אַ הונגער־שטרייק! ווי מיינט איר,

וואָלט די עפנטלעכע מיינונג פון דער וועלט אויפגערודערט גע־וואָרן!"

„משוגע מיינע שונאים!"

„אָבער אַז עס טוען עס אַרעסטירטע אין געפענגעניש, זיי־נען זיי נישט משוגע! אַז עס טוט עס גאַנדי פאַר די נישט־אָנצו־רירנדיקע אין אינדיע, איז ער נישט משוגע!"

„משוגע ווי אַלע משוגעים! געפונען אויף וועמען זיך צו באַרופן!"

„אָבער אויף דעם הונגער־שטרייק אין די געפענגענישן האָט איר גאָרנישט וואָס צו דערווידערן... איז זאָג איך אייך, אַז ווען די זעקס הונדערט טויזנט יידן אין דער דייטשער געפענגעניש וואָלטן דערקלערט אַ הונגער־שטרייק, ווי די יידן אין פּרס, אויף דריי טעג און אַפילו אויף מער..."

„אויף דריי וואָכן... אויף דריי חדשים..." האָט זילבערמאַן איראָניזירט.

שקלאָווער האָט פאַרלאָרן דעם חשק פאַרטצוזעצן מיט אים דעם דיספּוט.

„וואָס דענקט איר?" האָט ער זיך געווענדט צו דער מיידל.

לינכען האָט נישט געוואָלט רעדן וועגן דייטשלאַנד און די יידן. עס איז איר געווען שווער, און זי וועט זיך געווים צווויי־נען. זי האָט אָפּגעוואַרט אַ ווייַלע און דערנאָך אַרויסגערעדט:

„אפשר."

זי האָט זיך אַוועקגעטראָגן אין דייטשלאַנד, אַרויסגערופן אין געדאַנק אַ הונגער־שטרייק פון די הונדערטער טויזנט יידן... ווי וואָלט עס טאַקע געווען? זי וועט עס זאָגן דעם טאַטן. אין פּער־כיע האָט עס די יידן געהאָלפן. זי האָט ווידער גענומען די ביבל, אַריינגעקוקט אין דעם אָרט, וווּ עס ווערט דערציילט וועגן דעם תענית. די ביידע יונגעלייט האָבן פאַרשטאַנען אירע באַוועגונגען.

„אזוי, אזוי," האָט זילבערמאַן געלאַכט. „איז עס גאָר גע־ווען אַ פּאָליטישער הונגער־שטרייק. איז וואָס האָבן זיך עפּעס די יידן געדאַרפט פאַרקלייבן אין זייערע שולן?"

„ווערט וועגן דעם קיין וואָרט נישט דערמאָנט אין דער

מגילה. די יידן האָבן זיך יאָ פאַרזאַמלט, אָבער אויף די גאַסן פון שושן, אויף די מערק פון שושן... זיי האָבן געפאַסט פאַר אַלע־מען אין די אויגן... דער בעסטער באַוויז, אַז דאָס איז געווען אַ הונגער־שטרייק.״

„אומזין,״ האָט זיך זילבערמאַן נישט אונטערגעגעבן.

„איך האָב עס שוין איינמאָל געהערט,״ האָט שקלאָווער גע־זאָגט מיט נצחון.

„און דערדאַזיקער פורים איז אַ יום־טוב ביי יידן?״ האָט לינכען געפרעגט, נאָכגייענדיק נאָך אירע אייגענע געדאַנקען.

„נישט קיין יום־טוב, נאָר אַ געלעגנהייט צו שיכורן,״ האָט זילבערמאַן געענטפערט.

„נישט קיין יום־טוב, נאָר אַ געלעגנהייט אויף אויפצוהייבן דעם פאָלקס גייסט,״ האָט שקלאָווער נאָכגעזאָגט נאָך זילבער־מאַנען.

„נאַטירלעך, מיט אַזויפיל גייסטיקע געטרענק,״ האָט זיך זילבערמאַן געוויצלט.

„אָ, ניין!״ האָט שקלאָווער געפּראָטעסטירט. „אונזער פאָלק שיכורט איבערהויפּט נישט. וואָס, וואָס, אָבער אַ פאָלק פון שיכורים זיינען מיר נישט!... אויב אונזער פאָלק האָט אויסגע־קליבן פורים פאַר אַ טאָג, ער זאָל מעגן טרינקען ביז שיכור ווערן, איז עס דערפאַר, ווייל ער זעט אין אים אַ סימבאָל פון זיכערקייט, פון נישט־אונטערגיין, פון נישט־פאַרצווייפלט־ווערן אפילו אין דער שווערסטער לאַגע, פון נישט־פאַרלירן־זיך אפילו אין דער גרעסטער געפאַר.״

„פאַרוואָס־זשע איז ער נישט געוואָרן קיין יום־טוב?״ האָט לינכען געפרעגט.

„ער איז אַ יום־טוב!״ האָט שקלאָווער געענטפערט. „נאָר ער איז נישט אַריינגעשטעלט געוואָרן אין יענער קאַטעגאָריע יידי־שע ימים־טובים, וועלכע דאָס יידישע געזעץ האָט געמאַכט פאַר אַבסאָלוטע רו־טעג. עס פעלט מיר איצטער איין, אַז דאָס איז גע־מאַכט געוואָרן מיט אַ כיוון, כדי דאָס פאָלק זאָל זיך קאָנען אויס־לעבן אין דער גרעסטער פריילעכקייט, אומגעשטערט און אומגע־

בונדן פון די פאַרשיידנסטע ריטואַלן און דינים. דעם בעסטן באַווייז האָב איך טאַקע אין דעם, ווי מיר יום־טובן דעם טאָג ביי אונז אין ארץ־ישראל. ווילט איר הערן?״

לינבכען האָט נישט געענטפערט. ווייל זי הערן? האָט זי ביז איצטער געוואָלט הערן? זי האָט געפרעגט פראַגן, אָבער איז נישט געווען דערביי. נאָר אַ טייל פון איר האָט עס געטאָן. אַ גאַנץ קליי־נער טייל. דאָס איבעריקע פון איר איז פאַרזונקען אין טרויער, הערט זיך צו צום געוויין, וואָס ליגט איר אין אַלע גלידער, צו דער נאָגעניש, וואָס עסט אויף איר הארץ... זאָל ער רעדן, זאָל ער נישט רעדן. זיין שטים איז נאָר אַ צוגאָב צום גערויש פון די כוואַליעס, וואָס זי הערט נישט אויף צו הערן. דעם געשריי פון איר הארץ וועט ער נישט פאַרשרייען, נישט פאַררעדן... וואָלט ער נאָר נישט געמאַכט אַזוי מיט די הענט! און וואָלט ער נאָר נישט אַזוי געקאַליעטשעט איר דייטשע שפּראַך! שקלאָווער האָט גערעדט מער יידיש און געמיינט גאָר, אַז ער רעדט דייטש...

אויך זילבערמאַן האָט גאָרנישט געענטפערט. אים האָט נישט געאינטערעסירט, ווי די יידן יום־טובן פּורים אין פּאַלעסטינע. פינסטערע רעאַקציע איז דער יום־טוב, און די יידן אין פּאַלעסטינע זיינען בכלל קאָנטררעוואָלוציע, העלפער פון דעם ענגלישן אימ־פּעריאַליזם... ער האָט זיך גענומען פאַר זיין בוך. אַ שטומע אָנצו־הערעניש, אַז ער וויל נישט הערן.

אָבער שקלאָווער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט געוווּסט, אַז זיינע שכנים ווילן נישט הערן, נאָר דער באַ־גער צו דערציילן איז געוועזן אין אים צו שטאַרק. זאָלן זיי הערן, צי זיי ווילן אָדער ווילן נישט! נישקשה!...

אין ארץ־ישראל איז פּורים געוואָרן דער יידישער קאַרנאַ־וואַל. מיט דעם גאַנצן טומל און הוליעניש און משוגע־מאַכן־זיך פון אַ קאַרנאַוואַל. האָט אויך געקראָגן אַ קאַרנאַוואַל־נאָמען: ע ד ־ ד ל א ־ י ד ע . . .

לינבכען האָט אָנגערוקט דעם שטערן איבער אירע ברעמען. זילבערמאַן האָט אַרויסגעקוקט פון זיין בוך. זיי הערן, הייסט עס, און ווילן פאַרשטיין דאָס אומפאַרשטענדלעכע וואָרט. זיינען נישט

זיכער, צי האָבן זיי ריכטיק געהערט. שקלאָווער האָט הנאהדיק גע־שמייכלט.

„עד... דלא... ידע...“ האָט ער איבערגעחזרט, פאַנאַנדער־טײלנדיק די ווערטער.

„קאַליאַדי,“ האָט אַ זאָג געטאָן זילבערמאַן, „פאַרשלעפּט אין הייליקן לאַנד די רוסישע קאַליאַדעס...“

„ניין,“ האָט שקלאָווער געענטפערט. „עד־דלא־ידע“ — דריי העברעאישע ווערטער, וואָס זייער טייטש איז „ביז ער האָט נישט געוווּסט“, נעמען זיך פון דער מעשה, אַז איינמאָל אום פורים האָט אַ ייד דערלויבט זיך אָנצושיכורן, ביז ער האָט נישט געוווּסט פון „געבענטשט זאָל זיין מרדכי!“ ביז „פאַרשאָלטן זאָל זיין המן!“... און ווער עס האָט נישט געזען דעמדאָזיקן קאַרנאַ־וואַל אין דער יידישסטער שטאָט, אין תל־אביב, דער האָט גאָר קיין באַגריף נישט, ווי יידן קאָנען זיך מאַכן פריילעך...“

„משוגע,“ האָט זילבערמאַן אונטערגעזאָגט פון הינטער זיין בוך.

„אויב התלהבות און עקסטאַז זיינען משוגעת,“ האָט שקלאָ־ווער אָפּגעענטפערט מיט אַ האַרטער שטים, אַביסל גערייצט. ער האָט נאָר אַן אויגנבליק אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווידער אומ־געקערט זיך צו זיין טעמע. עס האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט דערציילן דידאָזיקע ביידע פרעמדע יידישע קינדער, ווי יידן אין ארץ־ישראל מאַכן זיך פריילעך אין דעם סימבאָל־טאָג פון זייער אומפאַרלענדלעכקייט, פון זייער אייביק־געראַטעוועט־ווערן, פון ישועה און אויפקום. זאָלן זיי הערן און וויסן, ווי די יידן פילן זיך אין דעם לאַנד, וואָס זיי האַלטן פאַר זיין אייגן, זייער נאַציאָ־נאַלער היים, אויפן וועג צו אויפלעבונג און אויפבוי. עס האָט דער ייד שטענדיק געהוליעט אום פורים — דאָס איז געווען אומ־באַוווּסטזיניקע דאַנקבאַרקייט און אומבאַוווּסטזיניקע האָפענונג. אין תל־אביב איז עס געוואָרן די אומענדלעכע פרייד מיט באַוווּסט־זיניקער באַנייאונג...

ער האָט אָבער נאָך נישט קיין סך אַריינגערעדט, ווען לינכען האָט זיך שנעל אַ הייב געטאָן, ווי עפּעס וואָלט זי אַ וואָרף גע־

טאָן, אויפגעהויבן די האַנט צו שקלאָווערן, ער זאָל אויפהערן צו רעדן, און אָנגעשטעלט דעם בליק נאָך רעכטס.

צוויי דייטשן האָבן זיך דערנענטערט, רעדנדיק הויך און אויפגעלעבט אין זייער מוטער־שפּראַך. איינער, מיט אַ מאָנאָקל אין אויג און מיט אַ דועל־שניט אויף זיינע גלאַט־ראַזירטע באַקן, האָט אויסגעזען אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק, דער צווייטער אַ סך יינגער. ביידע הויך און בלאָנד, אַטלעטישע געשטאַלטן, פעסט און זיכער אין יעדער באַוועגונג, שטאָלץ און אַראָגאַנט.

לינכען האָט אויפגעכאַפּט דעם קלאַנג פון דער דייטשער שפּראַך, ווען זיי זיינען נאָך געווען ווייט. איר גאַנצע בענקעניש איז אויפגערירט געוואָרן אין איר, אַ פאַרלאָרן קינד האָט דער־הערט די שטים פון איר מוטער. ווען זי האָט דערזען די אָנקו־מענדיקע מענער, האָט איר אַ ריס געטאָן אין האַרצן. זי האָט גע־וווּסט, אַז זי זעט פאַר זיך אירע ערגסטע שונאים. צוויי נאַציס. אָבער זי האָט נישט געהאַט דעם ווילן צוריק אָוועקצולייגן זיך. זי איז געבליבן האַלב־אויפגעזעצט און געקוקט אויף די ביידע גער־מאַנען מיט וויימיק און בענקעניש. אַן אומשולדיק געשלאָגענע, וואָס וויל, אַז אירע שלעגער זאָלן וויסן, אַז זיי האָבן געשלאָגן אַ גאַנץ אומשולדיקע, אָבער זי טראָגט אויף זיי קיין כעס נישט.

די ביידע האָבן זי באַמערקט. דער יינגערער האָט שוין גע־וואָלט מיטן עלנבויגן אויפמערקזאַם מאַכן דעם עלטערן אויף דער שיינער מיידל, וועלכע ער האָט דערזען. אָבער ער האָט אויך דער־זען דעם יונגנמאַן, וואָס האָט צו איר גערעדט, און זיין בליק האָט זיך פאַרפינסטערט, זיין שטערן איז אָנגעקנייטשט געוואָרן מיט רוגזה. זיינע ליפּן האָבן זיך פאַרקרימט אין האַס און פאַראַכטונג. צוקומענדיק און פאַרבייגייענדיק, האָט ער אָוועקגעקוקט אָן אַ זייט, נישט געוואָלט מטמא זיין זיין בליק מיט דעם אָנבליק פון די יידן. דער עלטערער אָבער האָט נישט אָוועקגענומען זיינע אויגן פון דער שיינער מיידל, געקוקט אויף איר מענלעך־זיגעריש. געלאָזט איר וויסן, אַז ער איז פאַראינטערעסירט. ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער נאָך עטלעכע שריט אַ קוק געטאָן אויף הינטן.

שקלאָווער האָט איבערגעריסן זיין באַגייסטערטע דערציילונג, אַ קוק געטאָן אין דער זייט פון דער מיידלס בליק.

„דאָס זיינען די ריכטיקע,“ האָט ער שטיל אַרויסגערעדט.

אויך זילבערמאַן איז אויפמערקזאַם געוואָרן, האָט אַרויסגע־קוקט פון בוך, צוערשט אויף דער מיידל — וואָס האָט זי זיך אַזוי אַ הייב געטאָן? דערנאָך אויף שקלאָווערן — וואָס איז ער פּלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן? און ענדלעך אויף די צוויי צוקו־מענדיקע דייטשן. ער האָט אַ ווײַלע געהאַלטן אויף זיי זיין בליק, איז אָנגעפילט געוואָרן מיט ווידערווילן און פאַראַכטונג, אַ קריב געטאָן זיך ביים אָנבליק פון דעם מאָנאָקל און די דועל־שניט, ווי פון עפּעס זייער לעכערלעכס און אומזיניקס, צוריק אַ קוק געטאָן אויף דער מיידל, באַמערקט דעם בעטלער־בליק אין איר׳ע אויגן באַשלאָסן ביי זיך, אַז זי איז נישט בעסער פאַר זיי, און באַהאַלט־זיך ווידער הינטער זיין בוך.

לינכען האָט נאָכגעקוקט די ביידע, אויפגעכאַפּט דעם בליק פון דעם עלטערן, ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זינגמן, געוווסט אַז זיי וועלן באַלד ווידער פאַרבייגיין, און דער איינער וועט ווי־דער אויף איר קוקן, און זי וועט הערן די דייטשע שפּראַך עכט גערמאַניש געשפּראָכן, און איז געוועזן פול דערוואַרטונג. זי האָט איצטער נישט געוואָלט איר׳ע ביידע שכנים. זיי זיינען איר געוועזן שווער און איבעריק. געוווּנטשן, זיי זאָלן צו איר נישט רעדן, גע־וואָלט זיין אַליין. זי איז אַראָפּ פון איר שטול, אַוועק צו דער שיף־פּאַרענטשע, אַוועקגעשטעלט זיך און געקוקט אויף דעם שפּיל פון די כוואַליעס, געהערט די דייטשע שטימען און מיט יעדן פיבער געוואַרט אויף זייער פאַרבייגיין.

ווען זי וואָלט זייער געשפּרעך געהערט!

„אַ יידישקע!“ האָט בייז אַרויסגעשפּייט דער יינגערע.

„אַ פראַכטשטיק!“ האָט זיך באַלעקט דער עלטערער.

„אַ יהודית, וואָס דערמאָרדעט דעם האָלאָפערנעס!“

„איך וואָלט געוואָלט זיין איר האָלאָפערנעס, און איך פאַר־זיכער דיר, זי וועט מיך נישט דערמאָרדן.“

„איך האָב פאַרלאָרן פאַר זיי יעדן אַפּעטיט.“

,,איך בין נאָר געוואָרן מער אויסקלייבעריש. ווען שוין אַ יידישקע, מוז עס זיין אַ פּראַכטשטיק, ווי די דאָ.''

,,דו קאָנסט עס דאָך נישט מיינען! וועסט'אָך מיט איר נישט פאַרבינדן זיך.''

,,פאַרוואָס נישט? זיי טאָרן נישט זייען אויף אונזערע פעלדער, אָבער מיר מעגן זייען אויף זייערע. נישט אמת?''

ער האָט הנאהדיק אויפגעלאַכט.

,,ניין, איך וויל מיט זיי נישט האָבן קיין שום פאַרקער,'' האָט דער יינגערער געזאָגט.

,,אין דעם פאַל האָב איך גאָרנישט קעגן דיין אַרישן באַשלום,'' האָט דער עלטערער געלאַכט. ,,דו קום נישט צו נענטער. איך וויל זי איינגאַנצן פאַר מיר.''

זיי זיינען דערגאַנגען ביז צום פאַרקער פון דעם שפּאַצירדעק, ווו דער הינטערדעק פירט אַריבער צו דער רעכטער זייט פון שיף. דער יינגערער האָט זיך געוואָלט פאַרנעמען אַהין, אָבער דער עלטערער האָט אים אָפּגעשטעלט.

,,מיר גייען צוריק.''

,,מיר האָבן דאָך געוואָלט גיין אַרום און אַרום.''

,,זיי דאָך נישט אַזוי נאַריש,'' האָט דער עלטערער אָפּגעשניטן.

,,דו ווילסט אַריינפאַלן אין אַ נעץ!'' האָט דער יינגערער געוואָרנט.

,,אָ, גאָט, יינגל! די נעץ וויל איך דאָך פאַרשפּרייטן!'' האָט דער עלטערער געענטפערט מיט אומגעדולד.

,,איך האָף, אַז דו וועסט דורכפאַלן.''

,,איך צוברעך דיר דעם קאָפּ!''

דער יינגערער האָט געוואָרפן פאַרגנבעטע האַס־אָנגעפילטע בליקן אין דער זייט פון דער יידישקע. דער עלטערער האָט נישט אָפּגעווענדט זיין בליק — אַן אַרויסרופנדיקן, באַוועלטיקנדיקן, נעמערישן בליק. זיי האָבן אָבער באַלד באַמערקט, אַז איר שטול איז ליידיק, און אַנטדעקט זי ביי דער פאַרענטשע. דער יינגערער האָט אַנגעשטעלט זיין בליק אויף אירע שכנים. אָ, ווען ער טרעפט זיי

אויף די וועגן פון דייטשלאַנד! אָבער דער עלטערער האָט געקוקט בלויז אויף דער מיידל, געלייענט איר קערפּער, געשטודירט דאָס ביסל, וואָס ער האָט געזען פון איר געזיכט אין פּראָפיל. געוואָלט אַרויסלייענען, ווען און ווי אַזוי קאָן ער זיך דערנענטערן צו איר. ווען זיי זיינען צוגעקומען נאָענט, האָט ער דערהערט זיין שטים און באַמערקט, אַז זי האָט אויפגעציטערט. באַמערקט, אַז זי האָט זיך געוואָלט אומקוקן און איינגעהאַלטן זיך. און ווען ער איז פאַרביי־געגאַנגען האַרט לעבן איר, כמעט באַרירט זי, האָט ער אין איר דערפילט דערוואַרטונג. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנ־געשפּיצט די אויערן, איר אָטעם האָט זיך פאַרשטאַרקט, איר קער־פּער האָט געצוקט.

זי האָט זיך נישט אומגעקוקט, ווען ער האָט זיך דערווייטערט, אָבער ער האָט זיך אויך נישט אומגעקוקט, נאָר אַ זאָג גע־טאָן צום יינגערן:

„דו גיי אַליין, איך גיי טיילן מיט איר איר איינזאַמקייט.“

„זי האָט דאָך באַגלייטער. ווילסט זיך אַריינלאָזן מיט די יידן?“ האָט דער יינגערער דערווידערט.

„איך קאָן עס ריזיקירן.“

„דו קריכסט אין אַ בלאָטע, רודי!“

„ביז איך וועל קומען צוריק, וועל איך זיך אויסלויזן.“

„איך ראָט דיר...“

„נישט נויטיק.“

ער האָט זיך אומגעקערט צוריק. גייענדיק אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס, געקלאַפּט אים אָן זיין פּאַרטמאָנע. ווען ער איז צוגע־קומען צו איר, האָט שקלאָווער אים נישט ווילנדיק אונטערגע־האָלפן. ער האָט פאַררויכערט, און רודי איז שטיין געבליבן און זייער פאַמיליער אַרויסגערעדט:

„אָ, דאַרף איך בעטן אַ שוועבעלע?“

דערביי האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף דעם נאָמען, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט פון דער מיידלס שטול. לעווי. נאָ, יאָ!... ער האָט קיין טעות נישט געהאַט אין איר אָפּשטאַמונג. און נאַטירלעך מוז עס זיין לעווי!

שקלאַווער האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך מיישב געווען, צי זאָל ער ארויסהעלפן דעם דייטש מיט א שוועבעלע. זיין באַוועגונג צו דער קעשענע, ווי ער האָט געהאַט אריינגעלייגט די שוועבעלעך, איז געווען א לאַנגזאַמע. אַמבעסטן וואָלט ער אים געזאָגט, אַז ער וויל א נאַצי נישט ארויסהעלפן אפילו מיט א שוועבעלע. ער האָט אים געקוקט אין די בלויע אויגן, געזען אין אים א טויט־פיינט און איבערגעגעבן אים די שוועבעלעך מיט פאַראַכטונג אין יעדן מוסקול פון דער האַנט.

רודי האָט עס באַמערקט, געזען, געפילט, אָבער געמאַכט זיך נישט ווּיסנדיק. ער האָט גענומען דאָס קעסטל, ארויסגענומען א שוועבעלע, אָנגעריבן, פאַררויכערט, און געוואָלט שטאַרק א וואָרף טאָן דאָס קעסטל דעם יידן אין געזיכט אריין: „נאַ, יודע!" אָבער דאָס וועט ער טאָן אַן אַנדערש מאָל. שפּעטער ווען עס איז. איצטער האָט ער אומגעקערט דאָס קעסטל מיט א דאַנק, איז צוגעגאַנגען צו דער פאַרענטשע, אוועקגעוואָרפן דאָס אויסגעלאָשענע העלצל אין ים אריין, א קוק געטאָן פון דער זייט אויף דער מיידל און איז געבליבן שטיין ביי איר זייט.

„פאַסצינירנדיק, ווי?" האָט ער א זאָג געטאָן.

לינכען האָט שווער געאָטעמט, ווען ער האָט זיך צוגעשטעלט; אויפגעציטערט, ווען ער האָט א רעד געטאָן. זי האָט געקוקט אויף די כוואַליעס און נישט געוווּסט, אַז זי זעט זיי. אירע אויגן האָבן געוואָלט א קוק טאָן אויף אים, אָבער נישט דערוועגט זיך און געהאַט אין זיך דעם ציטער פון אַן איבערגעשראָקענער יונגער הירשין. און ווייל זי האָט זיך נישט געפונען צו ענטפערן גלייך, האָט זי זיך געפילט אומטאַקטיש, און איז געווען אומגליקלעך.

ער האָט אָפּגעוואַרט א ווײַלע און ווייטער גערעדט, ווי צו זיך אליין:

„איך באַגרייף, ווי מ'קאָן שטיין אליין און קוקן און קוקן, און נישט פילן די אליינקייט, פאַרגעסן וועלט און מענטשן און פילן זיך אויסגעפילט. יעדע נייע כוואַליע איז אינטערעסאַנט. מ'קוקט אויף איר אָנקום, ווי זי וואָלט עפּעס געבראַכט מיט זיך,

און דערנאָך קוקט מען נאָך איר צוזאַמענבראָך, איר צוריקגיין, איר פאַרשווינדן. און עס איז ניי, ווי קיינמאָל נאָך נישט געשען, פאַרכאַפּנדיק... שטאַרקע דראַמאַטישקייט... אָ, אַנטשולדיקט, איך שטער דאָך נישט!"

ער האָט גערעדט אַזוי ווייך, זיין זייער מענלעכע שטים איז געווען מעלאָדיש, זיין אַנטשולדיקונג האַרציק־חבריש.

זי האָט געהערט יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט. גע־קאָנט שטיין אַזוי און הערן, הערן. אָבער זי האָט נישט געקאָנט רעדן. געפילט זיך אומפריי, און די צונג האָט זיך נישט באַוועגט. אָבער ווען זי וועט נישט ענטפערן, וועט ער אָננעמען, אַז זי וויל נישט, ער זאָל רעדן, און וועט אַוועקגיין. זי האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח, אַ קער געטאָן דעם קאָפּ אין זיין זייט, אַ קוק געטאָן אויף אים.

„איך שטער דאָך נישט, ווי?" האָט ער איבערגעפרעגט.

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַ פיר געטאָן מיט די ליפּן, אָבער קיין טאָן נישט אַרויסגעבראַכט. ניין, ער שטערט נישט.

ער האָט געזען דעם אומענדלעכן טרויער אין אירע אויגן. די דערשלאָגנקייט און דערשראָקנקייט, אָבער אויך עפּעס פון דאַנקבאַרקייט. ער האָט געוווּסט, וואָס זי לעבט איבער, די דעגראַ־דירטע יידישקע, און געפילט זיך האַר און הערשער. ער וועט שוין טאָן מיט איר, וואָס ער וויל.

ער האָט איבערגעקענט אַ סך יידישע פרויען, איז בכלל גע־ווען באַקענט מיט יידן, האָט פאַרקערט מיט זיי גלייך מיט גלייך, ווען דאָס איז געווען אין גייסט פון דער צייט. ווען דער גייסט פון דער צייט האָט זיך געביטן, האָט ער זיך געביטן מיט אים. ער האָט זיך דערוווייטערט פון זיינע יידישע פריינט און געפילט זיך זייער אָנגענעם און וואַרעם אין דער סופּעריאָריטעט, וועלכע ער האָט זיי געקאָנט אַרויסווייזן. אַזוי פילט אַ סאָלדאַט צו די אַנדערע סאָלדאַטן, ווען ער ווערט אַרויסגענומען פון זייערע רייען און דער־העכערט. גאַנץ דייטשלאַנד איז געוואָרן אונטער־אָפיציריש בנוגע צו יידן. אַן אונטער־אָפיציר קאָן זיך אַ סך דערלויבן מיט זיינע

אונטערגעשטעלטע, דער עיקר נאָך ווען ער האָט אויף דעם די דער־
לויבעניש פון אויבן. זיי דאַרפן צו אים אַרויפקוקן און דאַנקבאַר
זיין, וואָס ער גיט זיי נישט קיין בריק. אָט די, וואָס שטייט לעבן
אים, איז איצטער יענער אונטערטעניקער סאָלדאַט, און זי וועט
פאָלגן און וועט זיין גליקלעך, וואָס זי קאָן פאָלגן.

זאָל ער איר געבן צו פאַרשטיין, אַז ער ווייס, אַז זי איז
אַ יידישקע, אָדער פאַרלויפיק באַהאַנדלען זי, ווי ער וואָלט זי גע־
האַלטן פאַר אַן אַריערין? קודם־כל דאַרף ער אויסגעפינען, ווער
זייגען דאָס די צוויי שכנים אירע.

ער האָט עס געטראַכט און דערווייליע גערעדט:

„איך מוז אָבער מודה זיין, אַז דער ים מאַכט מיך טרויעריק.
זיין מאַכט איז אַ בייזע מאַכט. זי אימפּאָנירט מיר, אָבער מאַכט
מיך טרויעריק. זי מאַכט מיך טרויעריק, ווייל זי אימפּאָנירט מיר,
ווייל איך פיל זיך אַזוי שוואַך און הילפלאָז קעגן איר... איך ווער
אַ קינד. איך האַלט זיך אויפן שיף, ווי אונטערן שוץ פון מיין
מוטער. דאָ די פאַרענטשע איז מיין מאַמעס פאַרטוך, אָן וועלכן
איך האַלט זיך...“

זי האָט אַ טראַכט געטאָן: ער איז שריפטשטעלער, דיכטער...
אפשר איינער, וועמעס נאָמען איז זייער געשעצט געוואָרן פון איר.
זי האָט זיך ווידער איינגעקוקט אין אים פון דער זייט. אפשר האָט
זי ווען עס איז געזען זיין בילד. ער איז איר טאַקע פאַרגעקומען
באַקענט. אָבער זי האָט געשוויגן, נישט געפונען וואָס צו זאָגן.
זי איז טאַקע געווען ווי דער פּראָסטער סאָלדאַט פאַר זיין פאַר־
געזעצטן. געקאָנט זאָגן יאָ אָדער ניין, אָדער בלויז צושאָקלען מיטן
קאָפּ.

ער האָט זיך נישט געוווּנדערט, וואָס זי האָט נאָך קיין וואָרט
נישט אַרויסגערעדט, די דערשראָקענע יהודית! וואָס דאַרף ער
איר גערייד? וואָס גייט אים אָן, וואָס זי וועט זאָגן? אָבער מיט
פאַרגעניגן וואָלט ער געהאַלטן זיין האַנט אַרום איר... איר לייב
פאַרשפּרעכט אַזויפיל... מוז זיך גוט פילן אונטער די פינגער...
איר קול און אירע ווערטער מעג זי באַהאַלטן פאַר זיך...

„ווילט איר זיך אביסל דורכגיין?" האָט ער פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

זי האָט אים נישט געענטפערט, נאָר אַ באַוועג געטאָן זיך, אָפּגערוקט זיך פון דער פאַרענטשע. זיי זיינען אַוועק אין דער זייט פון הינטערדעק. ביידע האָבן נישט אַ קוק געטאָן אין דער זייט פון אירע שכנים. ער האָט איצטער געוווּסט, אַז זי האָט מיט זיי קיין שייכות נישט.

שקלאָווער האָט די גאַנצע צייט צוגעקוקט זיך צו ביידן, געזען, ווי זי שווייגט, געוואַרט, אַז זי וועט זיך אָפּקערן און אַוועקגיין פון דעם נאַצי. איר אַוועקגיין מיט אים האָט אים איבערראַשט.

„געמיינהייט," האָט ער אַרויסגעציִשט.

זילבערמאַן האָט אַרויסגעקוקט פון בוך.

„אַוועקגעשפּאַצירט מיט דעם נאַצי!" האָט שקלאָווער באַנטפערט זיין בליק. „ווי געפעלט עס אייך?"

„איך בין אין איר נישט פאַרליבט," האָט זילבערמאַן קאַלט אָפּגעענטפערט.

„און איך בין אין איר פאַרליבט?!" האָט שקלאָווער גערהיצט זיך.

„וואָס דען?"

„אומזין!"

דאַרף ער גאָר דערקלערן, פאַרוואָס ער איז אויפגעבראַכט? און דער חברה־מאַן פאַרשטייט דען נישט, וואָס?

„ווען זי וואָלט געווען אַ קאָמוניסטקע, וואָס וואָלט איר געזאָגט?" האָט ער שאַרף געזאָגט.

„אַ קאָמוניסטקע וואָלט אים אין געזיכט אָנגעשפּיִט, אָדער וואָלט קיין קאָמוניסטקע נישט געווען."

„ריכטיק. אָבער די איז אַ יידיש קינד, אַ יידישע טאָכטער, וואָס איז אַזוי שטאַרק באַליידיקט געוואָרן פון די נאַצים, זי און אירע עלטערן, אַן אַרויסגעטריבענע, אַ פאַריאָגטע, אַ פאַרשפּיִטע — וואָס זאָל איך זאָגן?"

„אַז איר האָט זיך איינגערעדט אַ מעשה מיט אַ יידישן פאָלק!...''

„איז פאַרוואָס טרייבן אים די נאַציס? ווען פאַרפאָלגן זיי עס? ווען האָט פאַרפאָלגט דער צאַר? און פאַרוואָס גיט מען איך אין ראַטנפאַרבאַנד ביראָ־בידזשאַן? און פאַרוואָס ווילן מיר ארץ־ישראל? און פאַרוואָס טראַכטן מיר פון אַ יידישן וועלט־קאָנגרעס? און פאַרוואָס פאַרדריסט מיך אַזוי, וואָס די יידישע מיידל, וועלכע איך קען קוים און אין וועלכער איך בין נישט פאַרליבט, איז אַוועק שפּאַצירן מיט דעם נאַצי? און פאַרוואָס ווייטיק איך אַזוי אמתדיק פאַר די פאַרפאָלגונגען, וואָס די דייטשע יידן שטייען זיך אויס? און פאַרוואָס...''

„אַ, גייט אין אַלע רוחות!'' האָט זילבערמאַן אים איבערגעריסן, איבערגעקערט זיך אויף דער אַנדער זייט און ווידער פאַרטאָן זיך אין בוך.

שקלאָווער האָט אויפגעלאַכט.

„טאָוואַרישטש, מיר זיינען יידן! אַ קאָמוניסטקע, וואָס וואָלט אַוועקגעגאַנגען מיט דעם נאַצי, וואָלט קיין קאָמוניסטקע נישט געווען, אָבער די יידישקע, וואָס איז אַוועק מיט דעם נאַצי, איז און וועט בלייבן אַ יידישקע, און די שטראָף וועט איר נישט אויסבלייבן.''

„אמן, יידישער נביא!'' האָט זילבערמאַן ארויסגעברומט פון הינטער דעם בוך.

דער יידישער נביא איז געווען אומגעדולדיק, נישט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, געפילט, אַז ער קאָן איצטער אפילו נישט לייענען. ער איז אַראָפּ פון זיין שטול, צוגעגאַנגען צו דער פאַרענטשע, אַוועקגעשטעלט זיך מיטן רוקן צום ים, און נערוועז געוואַרט, ביז דאָס פּאָרל וועט זיך באַווייזן.

זילבערמאַן האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן.

„באַלוואַן!'' האָט ער זיך אויסגעזידלט פאַר זיך אין זיין בוך אריין.

שקלאָווער האָט מאַקע באַלד זייער נאַריש אויסגעזען מיט זיין וואַרטעניש, ווייל ער האָט געוואַרט, געוואַרט... און ענדלעך

נישט דערוואַרט זיך, און אַ בייזער אַרויפגעקראָכן צוריק אויף זיין שטול.

דאָס פּאַרל איז געגאַנגען לאַנגזאַם. ער ביי איר רעכטער זייט, אַביסל צוגעווענדט צו איר, זעלטן קוקנדיק אויף איר, דאָס רוב מאָנאָקלענדיק אַלץ און אַלעמען. זי — דעם קאָפּ אַראָפּגע־לאָזן, אַביסל איינגעבויגן, מיט דער דערשראָקנקייט אויפן גע־זיכט און אין אַלע גלידער.

ער האָט דערציילט, אַז ער האָט שוין דורכגעקרייצט דעם ים אַ סך מאָל, געמאַכט ווייטע רייזעס, איז געווען אין אינדיע, אין יאַפּאַן, אין זיד־אַמעריקע. אָבער יעדעס מאָל, ווען ער טרעט אַרויף אויפן שיף, ווערט ער קראַנק, פילט גאַנץ קאַלאַמוטנע די ערשטע פּאָר טעג. דערנאָך אָבער פילט ער אַזוי גוט, ווי נאָר זעלטן. עפּעס אַ נייע לעבנסכוואַליע פליסט אין אים אַריין. פּונקט ווי עס שטייט אין דער אַנאָנס פון אַ געוויסן אַפּפיר־מיטל. די פאַרגלייכונג האָט זי אַביסל שאָקירט. וואָלט ער זי געמאַכט, ווען ער וואָלט גערעדט מיט אַן אַריערין? זי האָט נאָך מער איינגע־בויגן דעם קאָפּ. אָבער ער האָט נאָך איבערגעחזרט זיין פאַר־גלייכונג, ווי אויף צו להכעיס, און אויף זיינע ליפּן איז געלעגן אַ פאַרקלערטער שמייכל, ווי ער וואָלט גערעדט טיפזיניקייטן.

ווי איינער, וואָס נעמט איין אַן אַפּפיר־מיטל, האָט ער גע־מוזט זיצן גאַנצע צוויי טעג אויף זיין שטול אויפן דעק פון דעם ערשטן קלאַס, היטן זיך נישט אַוועקצוגיין צו ווייט, און נישט גע־ווּסט, וואָס ער פאַרלירט דאָ...

„אַ ווירקלעכער פאַרלוסט!" האָט ער צוגעגעבן און אַריינ־געקוקט זיין האַנט אונטער איר אָרעם.

זי האָט אויפגעציטערט. ער האָט דערפילט דעם ציטער, און דער שמייכל אויף זיינע ליפּן איז געוואָרן גרעסער.

„איר זייט צום ערשטן מאָל אויפן ים?" האָט ער אַ פרעג געטאָן.

„יאָ," האָט זי שטיל אָפּגעענטפערט.

דאָס ערשטע וואָרט, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט, קורץ און ציטעריק.

„און עס גייט אייך גוט? נישט קראַנק געווען?"

„ניין."

„מערקווירדיק. איר קומט דאָך זיכער נישט אַרויס פון אַ שטאָט, ביי וועלכן דער ים איז געוואָרן די צווייטע נאַטור?"

איראָניזירט ער? וויל ער אָפּלאַכן פון איר יידישער אָפּשטאַמונג? זי איז רויט געוואָרן. ער האָט עס גלייך באַמערקט, איז געווען צופרידן מיט זיך, און גלייך אַ פרעג געטאָן:

„פון וואַנען קומט איר, אויב איך דאַרף פרעגן?"

איר האַרץ האָט אין איר אַ צאַפּל געטאָן. ער ווייס, פון וואַנען זי קומט, אָבער עס געפעלט אים צו פייניקן זי. זיין האַנט אונטער איר אָרעם איז איר שווער געוואָרן. זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט געוואָלט באַפרייען איר אָרעם. ער האָט עס באַמערקט, און גלייך צוגעגעבן:

„איך מיין, ווו האָט איר זיך אַרויפגעזעצט אויפן שיף?"

„אין שערבורג," האָט זי שטיל געענטפערט.

„איר קומט פון פּאַריז?"

„יאָ."

„אַ שטאָט, וועלכע איך קאָן נישט אויסשטיין."

דאָס איז נישט געווען אמת, אָבער עס האָט אים געמאַכט שפּאַס אָנצורירן אין איר עפּעס, וואָס זאָל איר אַביסל אַ שטאָך טאָן.

זי האָט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט גאָרנישט געוווּסט פון פּאַריז. אירע טעג דאָרטן זיינען זייער טרויעריק געווען פאַר איר און אירע עלטערן. קאָפּ און האַרץ און געמיט זיינען געווען קעגן אַ נענטערער באַקאַנטשאַפט.

און ער האָט פאָרטגעזעצט:

„איך קען נאָר איין שטאָט, און דאָס איז בערלין. קענט איר בערלין?"

זי האָט אַ שטאַרקן ציטער געטאָן, אָפּגעקערט דעם קאָפּ אין אַ זייט, באַהאַלטן די טרערן, וואָס האָבן אויפגעפינקלט אין אירע אויגן. בערלין!

„מיין געבורטשטאָט!" האָט זי אַרויסגעשעפּטשעט.

ער איז געווען שטאַרק צופרידן מיט דעם עפעקט פון זיינע ווערטער. ער האָט געפילט איר ווייטיק אין די אויפצוקונגען פון איר אָרעם, געזען טרערן, געהערט איר האַרץ־געשריי. גוט אַזוי! און אומבּרחמנותדיק האָט ער אַריינגעלאָזן זיך אין דערקלערן, פאַרוואָס ער האַלט בּערלין פאַר דער איינציקער שטאָט אויף דעם ערד־פּלאַנעט. ער האָט גערעדט אַזוי אומשולדיק, אין דער בּעסטער שפּראַך, רייך אין פאַרבּ און בּילדער, אַן אָבּיעקטיווער בּאַאורטיילער פון אַלע גרויס־שטעט, וועלכע ער האָט אַזוי גוט געקענט. אַן אָבּיעקטיווער בּאַאורטיילער, וועלכער האָט געמוזט ווערן אַ בּאַגייסטערטער פאַרערער פון דער גרעסטער דייטשער שטאָט, ווייל בּערלין...

זי וואָלט זיך געקאָנט אונטערשרייבּן אונטער אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט. אָבּער פאַרוואָס זאָגט ער עס איר? ווייס ער, אַז זי איז אַ יידיש קינד, וואָס איז געווען געצוווּנגען צוזאַמען מיט אירע עלטערן צו פאַרלאָזן איר געבּורט־שטאָט, איר היים־געליבּטע בּערלין, און אַוועק אין גלות? זי האָט אַ וואָרף געטאָן אויף אים אַ פאַרגנבעטן בּליק, דערזען זיין צופרידענעם שמייכל, אויפגעכאַפּט אין זיינע אויגן דאָס סאַדיסטישע פייערל, וואָס האָט זי אַזוי געשראָקן אין די אויגן פון אַלע נאַציס, וועלכע זי האָט אָנגעטראָפן. איצטער האָט זי שוין מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן זיין האַנט אונטער איר אָרעם. זי האָט געמאַכט אַ בּאַוועגונג, ווי צו פאַרריכטן דאָס מיצל אויף איר קאָפּ, בּאַפרייט זיך פון זיין האַנט, איז צוגעגאַנגען צו דער פאַרענטשע און געבּליבּן שטיין מיטן רוקן צו אים, געקוקט אויף די כוואַליעס.

ער איז געוואָרן אַפּיסל איבּערראַשט, האָט נאָכגעקוקט איר, געמיינט, אַז זי האָט עפּעס אַ בּאַשטימטן צוועק מיט איר גאַנג צו דער פאַרענטשע, איז געשטאַנען און האָט געוואַרט. ווען זי איז געבּליבּן שטיין גאַנץ אָן אַ בּאַוועגונג, איז ער צוגעגאַנגען צו איר.

זי האָט זיך אומגעדרייט צו אים מיטן געזיכט, שאַרף אָנגעקוקט אים און פעסט אַרויסגערעדט:

„איר האָט מיר וויי געטאָן."

„ווי אַזוי?" האָט ער תמעוואַטע געפרעגט.

„ווייסט איר עס אַליין נישט?"

„אָבערווירקלעך!"

„פאַרוואָס האָט איר גערעדט צו מיר וועגן בערלין?"

„וואָרום דען נישט?"

„איר מוזט וויסן, וואָרום."

זי האָט אים שאַרף אָנגעקוקט. ווידער איז ער איר פאָרגעקומען באַקאַנט. געוויס האָט זי אַמאָל געזען זיין בילד. עס מוז זיין אַן „אימיצער". זיכער אַן אינטעלעקטועלער, אַ מענטש פון גייסט. אָבער אין זיינע אויגן איז געלעגן אַזויפיל האַרטקייט, וועלכע ער האָט איצטער געזוכט צו באַהאַלטן אונטער אַ ליבנסווירדיקן שמייכל און נישט געקאָנט, ווייל דער שמייכל איז פאָרט געווען אָפלאַך. אַזוי וואָלט אַ קאַץ געשמייכלט איבער אַ מויז. „די בלאָנדע בעסטיע," האָט זי אַ טראַכט געטאָן, און איר אָטעם האָט זיך פאַרשנעלערט.

„אָבער איך וויים ווירקלעך נישט," האָט ער געזאָגט אין אַ טאָן, וואָס האָט נישט דערלויבט קיין שום צווייפל.

„איר מוזט וויסן, אַז איך האָב מיין מוטער־שטאָט בערלין נישט פרייוויליק פאַרלאָזן."

„פונוואַנען זאָל איך עס וויסן? איר זעט מיר נישט אויס ווי איינע, וואָס איז באַגאַנגען אַ פאַרברעך און האָט געדאַרפט אַנטלויפן."

„איך בין באַגאַנגען אַ פאַרברעך... אַ גרויסן פאַרברעך..."

„איר? אוממעגלעך!"

„איך בין נישט־אַריערין."

„אַך, אַזוי!" האָט ער אויסגערופן, ווי ער וואָלט נישט נתפּעל געוואָרן. „דאָס גייט מיך נישט אָן," האָט ער צוגעגעבן און איז צוגעגאַנגען צו איר. אין זיין שטים און אין דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט איז געלעגן פאַראַכטונג צו דעם, וואָס די אַנדערע טוען מיט יידן. ער אַליין איז איבער די ראַסן־פאָראורטיילן. „מיך גייט עס גאַנץ און גאָרנישט אָן," האָט ער עס באַקרעפטיקט. „מְשוּגעת! איך וויל וועגן דעם אַפילו נישט רעדן. צו וואָס פאַר־

דאַרבן גוטע שטימונג? איך בין גליקלעך, וואָס איך געפֿין זיך אויפֿן ים, ווייט פֿון דעם העסלעכן, ווידערלעכן געצאַנק דאָרטן דרויסן. זייט איר עס נישט? מיר זאָלן דאָך נישט דערלויבן, אַז די פֿאַרפֿעסטעטע, גיפֿט־טראָגנדיקע שטינקעריי פֿון דאָרטן דרויסן זאָל אַרויפֿבלאָזן איר הויך אויף אַ פֿריינטשאַפֿט, וועלכע האָט זיך ערשט אָנגענומען און וועט זיך צושפּראָצן און אויפֿבליִען...״

ער האָט גערעדט מיט אַ טאָן פֿון טיפֿער איבערצייגונג און מיט הארץ. געזוכט די שאַרפֿסטע ווערטער, אַרויסגערעדט זיי מיט שיינער קרעפֿטיקער שטים אין בעסטער דייטשער אויסשפּראַך, פֿול צאָרן אויף אַן אויסנוועלט, וואָס קאָן נישט געפֿינען קיין רו.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַ פֿראַגעצייכן, געהערט אים מיט צווייפֿל. אָבער עס מוז דאָך זיין אמת, וואָס ער זאָגט. ער ווייס איצטער באַשטימט, אַז זי איז נישט קיין אַריערין, און איז נישט אַנטלאָפֿן פֿון איר. אומגעקערט אַפֿילו. ער איז צוגעלאָזענער געוואָרן...

איר איז געוואָרן מאָדנע צומוט. אָט אַזוי איז דאָך געוועזן פֿ אַ ר דער היטלער־קאַטאַסטראָפֿע!... זי האָט דערפֿילט היים, מוטער־שטאָט, פֿאָטערלאַנד, דייטשלאַנד, דייטשטום... ווי גוט די דייטשע שפּראַך האָט געקלונגען! יעדעס וואָרט איז געוועזן מוזיק. אומפֿאַרגלייכלעכע, האַרציקע, שטאַרקנדיקע, טיף אין דער נשמה גייענדיקע. ער איז געוואָרן אַזוי נאָנט, אַזוי פֿאַרקרובהט...

זי האָט זיך אָפּגערוקט פֿון דער פֿאַרענטשע, און ווייל איר געזיכט איז געווען געווענדט צו דער זייט פֿון דעם הינטערדעק, איז זי אַוועק צוריק אויף דעם אָפּגעגאַנגענעם וועג. ער האָט זיך צוגעשטעלט צו איר, ווידער אַריינגערוקט זיין האַנט אונטער איר אָרעם. איצטער האָט זי נישט אויפֿגעציטערט. זי האָט אָנגענומען זיין האַנט, ווי די האַנט פֿון אַן אייגענעם, אַ נאָנטן. ווען ער וואָלט עס נישט געטאָן, וואָלט זי געוואַרט און געבענקט.

איצטער האָט ער געוווּסט, אַז זי וועט זיין זיינע. ביז ניו־יאָרק זיינען נאָך פֿיר טעג. דאַרף ער פֿיר טעג? פֿיר שעה וועלן זיין גענוג. ער האָט שוין געהאַט אַ סך דערפֿאַרונג. עטלעכע קיצלדיקע

עפּיזאָדן פון זיין לעבן לויפן אים דורך, זידן אויף זיין בלוט. אָבער זיין צונג רעדט רואיק, פּאָעטיזירט, חנדלט זיך.

ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן פון זיינע ווייטע רייזעס, געוואָלט צוברענגען צו אַ פּאָר עפּיזאָדן מיט פרויען אין די ווייטע לענדער, און דערביי געטראַכט, אַז שפּעטער אַ ווײַלע וועט ער זי אַריבערנעמען אין ערשטן קלאַס, אַריינברענגען צו זיך אין צי־מער... דאָס ווייטערע וועט קומען פון זיך אַליין... אַביסל געוואָלט וועט אויך נישט שטערן... אַ יעדע פרוי ליבט אַביסל פאַרגוואַל־טיקט צו ווערן...

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו איר שטול, האָט ער געקוקט אויף שקלאָווערן, אָבער ווי יענער וואָלט געוועזן לופט, און זי האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן, איז געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, גאַנץ פאַרטיפט אין צוהערן.

שקלאָווער האָט זי אַרויסגעריסן פון איר פאַרטיפטקייט.

„פריילין לעווי!" האָט ער אויסגערופן — רודין איז אומ־אָנגענעם געוועזן, וואָס דער יידישער נאָמען פון זיין באַגלייטערין איז אַזוי הויך אַרויסגעשריען געוואָרן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי זיינען נישטאָ דאָ קיין דייטשן, און לאַנגזאַם אַרויסגענומען זיין האַנט פון אונטער איר אָרעם — און שקלאָווער האָט ווי אויף צו להכעיס גאַנץ אומנויטיק איבערגעחזרט: „פריילין לעווי, האָט איר געזען אייער פאָטער?"

„מיין פאָטער?" האָט זי פאַרוואונדערט איבערגעפרעגט.

„ער האָט אייך געוואָלט זען."

„וווּהין איז ער אַוועק?"

„ער איז אַוועק אַהער," האָט שקלאָווער אָנגעוויזן מיט דער האַנט רעכטס. „איך האָב אים געזאָגט, אַז ער וועט אייך געווים באַגעגענען."

לינכען האָט זיך אומגעקערט צוריק, איר טאַטן אַנטקעגן.

„דעם נאַצי איז עס נישט געפעלן," האָט שקלאָווער צוגע־פליסטערט זילבערמאַנען.

זילבערמאַן האָט אפילו די אויגן נישט אַרויסגעהויבן פון בוך און אַרויסגערעדט, ווי ער וואָלט אַרויסגעלייענט:

„קאַץ און מויז, און די מויז וויל פאַרשלונגען ווערן."

„איר לייענט עס אין אייער בוך?" האָט שקלאָווער אַ פרעג געטאָן. ווען ער האָט נישט געקראָגן קיין ענטפער, האָט ער צוגע־געבן: „אָבער דאָס מאָל זייט איר גערעכט."

אָבער אויך ער איז געווען גערעכט. דעם נאַצי איז טאַקע נישט געפעלן געווען, וואָס זי האָט אַ טאַטן. ער האָט גאָר פאַר־געסן צו טראַכטן, אַז די יידישקע איז דאָ מסתמא מיט „משפּחה"... און איצטער וועט ער זיך טרעפן מיט איר טאַטן!... צום טייוול אויך!... אמבעסטן וואָלט געווען אָפּצוטראָגן זיך...

„איך גלויב, איך וועל אייך איצטער בעסער פאַרלאָזן," האָט ער געזאָגט.

זי האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט צו ענטפערן אים, זי האָט דערזען דעם אַנטקעגנגייענדיקן פאָטער.

„דאָ קומט מיין פאָטער!" האָט זי אויסגערופן און פאַרשנע־לערט איר גאַנג, געלאָזן איר באַגלייטער אַביסל הינטער זיך.

ווייט אַנטקעגן איז געגאַנגען אַ הויכער מאַן מיט אַ זייער איידעלן ווייסן געזיכט, אַן אַרומגעראַמטן מיט אַ שוואַרצער באָרד, אין וועלכער עס זיינען שוין געווען אַ סך גרויע האָר. אַ פיין גע־זיכט מיט דעם הדרת־פּנים פון אַ בכבודיקן ייד — דעם ייד האָט מען געקאָנט דערקענען פון גאַנץ ווייט. נאָך עטלעכע שריט איינע קעגן די אַנדערע איז איר פאָטער שטיין געבליבן מיט ווייט־פאַנאַנדערגעריסענע אויגן, וועלכע ער האָט אָנגעשטעלט אויף דעם באַגלייטער פון זיין טאָכטער. אָבער אויך דער באַגלייטער פון זיין טאָכטער איז שטיין געבליבן, האָט אפילו אומווילקירלעך געמאַכט אַ שריט צוריק און, ווייל ער איז גראָד אויסגעקומען צו זיין לעבן אַ טיר, וואָס האָט געפירט צום טוריסטן־קלאַס, איז ער אַריין אַהין און פאַרשוווּנדן.

לינכען איז צוגעקומען צום פאָטער, אָבער ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף איר, געלאָזן זי שטיין און אַ ריס געטאָן זיך פון זיין אָרט, אַ לאָז געטאָן זיך צו דער טיר, אַריינגעקוקט.

לינכען איז געווען איבערראַשט, האָט זיך אומגעקוקט צו זען, וואָס איז עס מיט איר פאָטער. איצטער האָט זי באַמערקט,

אַז איר באַגלייטער איז דאָ נישטאָ. עס האָט איר אַ ריס געטאָן אין האַרצן, און זי איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צום פּאַטער, מיט מרויער־אויגן אַריינגעקוקט אין דער אָפענער טיר.

דער פּאַטער האָט זיך אומגעקוקט אויף איר, און זי האָט זיך דערשראָקן: אַזויפיל כעס האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזען אויף אים.

„ווייסטו, מיט וועמען דו ביזט דאָ אַרומגעגאַנגען?" האָט ער אַרויסגעבייזערט.

זי האָט זיך געשעמט מודה צו זיין, אַז זיי האָבן זיך נישט פאָרגעשטעלט איינס דעם אַנדערן, און זי ווייס נישט דעם נאָמען פון איר באַגלייטער.

דער פּאַטער אָבער האָט יאָ געוווּסט:

„דאָס איז דאָך דער שופט, דער דאָקטאָר הובערטי!"

זי האָט אויפגעשריען אין שרעק.

דאָס איז געוועזן דער, וואָס האָט אויסגעפּאַטשט איר פּאַטער און אַרויסגעוואָרפן אים פון דער רעדאַקציע.

ד״ר לעווי איז אַריין אין טיר, אַריינגעקוקט אין די דערבייאיקע סאַלאָנס, אַראָפּגעקוקט די טרעפּ.

„ער איז אַ פּאַסאַזשיר פון ערשטן קלאַס," האָט לינכען קוים אַרויסגערעדט.

שפּעטער איז זי צוגעקומען צו איר דעק־שטול אינגאַנצן אַ צובראָכענע, האָט אויסגעמיטן אַ קוק צו טאָן אויף אירע שכנים, אַוועקגעלייגט זיך, איינגעדעקט זיך, באַהאַלטן זיך.

אירע שכנים האָבן וואָס פאַרשטאַנען, איבערגעקוקט זיך און זיינען געבליבן שטיל, האָבן נישט גערעדט, נישט מיט איר און נישט אפילו צווישן זיך.

אָבער אויף מאָרגן נאָך פרישטיק איז זי צוגעקומען צו איר שטול גאָר עפּעס אַנדערע, מיט אַ פעסטקייט אין די אויגן, ווי איינע, וועלכע האָט אָנגענומען אַ באַשלוס. אַזאַ האָבן זי שקלאָווער און זילבערמאַן נאָך נישט געזען. זילבערמאַן האָט זי אָנגעקוקט פון אונטערן שטערן, געוואָלט באַגרייפן די ענדערונג, דעם

אומבייט. שקלאָווער האָט צו איר געשמייכלט, און זיינע אויגן האָבן געפרעגט.

זי האָט זיך נישט אַוועקגעלייגט, נאָר אַוועקגעזעצט, איינגע־רעקט די פיס, געקוקט אַ ווײַלע אין דער ווייטקייט פון ים און פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן צו שקלאָווערן.

„ווי זייט איר נעכטן שטיין געבליבן אין אייער שילדערונג פון דעם קאַרנאַוואַל, פון דעם — ווי רופט איר אים דאָרטן?״...

און אין ערשטן קלאַס האָט ד״ר הובערטס יינגערער חבר נישט אויפגעהערט צו לאַכן איבער זיין פריינט, וועלכער האָט מורא געהאַט אַרויסצוגיין פון זיין צימער...

1935

# די געשיכטע פון דעם לעבעדיק־באגראבענעם ציוניסט

## 1.

באָרים שײנקין איז געװען אַ שריפטשטעלער, אַן אָראַ־טאָר, אַ לעקציעס־האַלטער. טאַלאַנטפול און מיט גרויסן װיסן. ער האָט אַ סך געלערנט, פיל געלײענט און אײגענע געדאַנקען געטראַכט. ער איז געװען אַ רײכער — אַ גײסטיק־רײכער מענטש — און האָט געהאַט װאָס צו געבן אַנדערע. און װײל ער איז נאָך באַקאַנט געװען אַלס גרונט־ערלעכער מענטש, איז ער געשעצט און געאַכט געװען. זײנע אַרטיקלען האָט מען געלײענט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקײט, זײנע לעק־ציעס זײנען גוט באַזוכט געװען, אויף פאַרזאַמלונגען איז ער געװען אַ צוציאונג.

ער איז געװען אַ ציוניסט. ער האָט געזען די רעטונג פון דעם ייִדישן פאָלק אין זײן װידעראויפלעבונג און זעלבסט־שטענדיקײט אין זײן אַלטער הײם, אין ארץ ישראל. ער איז געװען נאָך גאָר אַ יונגער מענטש, אָבער אין זײן שטאָט — אַ גרויסע רוסישע גובערניע־שטאָט — איז ער געװען דער פירער פון דער באַװעגונג, און אַלע האָבן זיך געװאַרעמט בײם פײער פון זײן ענטוזיאַזם. מען האָט גערעדט מיט זײנע װער־טער, געברויכט זײנע באַװײזן, געגלויבט זײן גלויבן. מען האָט זיך געבענטשט מיט אים: װויל דעם פאָלק, װאָס האָט אַזעלכע קעמפער!

אײנמאָל האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט אַ מײדל, װאָס האָט געהאַט אַן אַנדער גלויבן. זי האָט אויך געװאָלט אַרבעטן

פאַר די יידישע מאַסן. אָבער זי האָט געגלויבט, אַז דער סאָ־ציאַליזם איז די גיכערע און בעסערע גאולה.

זי איז געווען זייער שיין, געבילדעט און קלוג. מיט אַ סך פייער אין אירע ברוינע אויגן און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, וועלכער האָט זיך אַריינגעגנבעט אין יעדנס האַרץ. עס איז אים זייער אָנגענעם געווען צו פאַרברענגען מיט איר, און ער האָט זיך שטאַרק באַמיט איבערצוגעווינען זי פאַר זיין באַ־וועגונג.

אָבער ער האָט זי בלויז געוווּנען פאַר זיך.

אינמיטן פון אַ היציקן וויכוח מיט איר האָט ער דערזען, אַז זי איז זייער שיין און ליב און חיותדיק, און דערפילט דעם דרוק אַרום האַרצן, וועלכער רופט זיך בענקעניש — פאַרלאַנג — ליבע. ער האָט נישט געקאָנט מער רעדן. ער איז געבליבן שטיין אינמיטן פון אַ זאַץ. אָנשטאָט קומען צו זיך און פאָרטזעצן, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, האָט ער אָט וואָס געטאָן:

ער האָט אַ שמיץ געטאָן אָן דר׳ערד זיין קאַפּעליוש, וואָס איז גאַנץ אומשולדיק און אָן דער קלענסטער פּראָוואָקאַציע געלעגן אויף דעם דערבייאיקן שטול, אויף וועלכן ער האָט אים פריער ביי זיין אַריינקום אַוועקגעלייגט, און אויסגערופן מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקייט:

„געגנוג! אַלץ נאַרישקייט! איך ליב אייך!״

זי איז איבערראַשט געוואָרן, בלייך געוואָרן, האָט אַראָפּ־געלאָזן דעם קאָפּ. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צו אירע פיס און אַרויפגעקוקט צו אירע אויגן מיט געבעט און בענקעניש און גרויסער ליידנשאַפט. זי האָט נאָך מער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, ביז זייערע ליפּן האָבן זיך באַגעגנט.

יענעם אָוונט האָבן זיי מער נישט דעבאַטירט, און אויך נישט אין די קומענדיקע טעג. וואָפנשטילשטאַנד.

זיי האָבן גערעדט נאָר פון זייער ליבע, געלעבט זייער ליבע, און די ליבע איז זייער רייך אין טעמעס און האַנדלונ־גען: זיי נעמען זיך נישט אויס און פאַרשטופּן אַלע אַנדערע טעמעס, וואָס ווערן בלויז אַ נעבנזאַך, אַ צוטשעפּעניש. ווי האָט

ער זיך געקאָנט איצטער צוהיצן וועגן ציוניזם, ווען ער איז קיינמאָל מער נישט געזעסן אַקעגן איר, נאָר לעבן איר, שטאַרק נאָענט, אומענדלעך נאָענט, אין ליידנשאַפטלעכער אומאַרמונג!

דאָס איז געוועזן אַ גליקלעכע צייט פון גליקזעליקער פאַר־געסנקייט. פון געזאַנג, פון שיפן זיך, פון לייענען ביכער צו־זאַמען און פון קושן זיך צווישן די קאַפּיטלעך און אויך צווישן די שורות, פון שאַפן נייע לאַסקע־ווערטער. אָבער אינצווישן דורך איז איר גלויבן געוואָרן זיין גלויבן. זיין טעמפּעראַמענט האָט זיך אָנגעצונדן מיט דעם פייער פון אַ באַלדיקער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע, זיין באַגייסטערונג איז געוואָרן די זעאונג פון אַ באַפרייטער מענטשהייט. און זי האָט אין אים אריינגע־קושט דעם נויטיקן גלויבן.

און דאָ הייבט זיך אָן די שטילע טראַגעדיע פון דעם טאַ־לאַנטפולן און ערלעכן זשורנאַליסט און רעדנער באָריס שיינקין.

טיף ביי זיך אין דער נשמה האָט ער באַגראָבן דעם ציוני־ניסט און פאַרשאָטן אים מיט דער גאַנצער לאַווע פון דעם וואַלקאַן־פייער, וואָס דער סאָציאַליזם האָט אין אים אָנגעצונדן. ער האָט נאָך אים רבנן־קדיש געזאָגט און אָנגעקלאַפּט אים אויף זיין קבר: „זיי ווייסן, דו ביסט טויט. אויף דיין פּלאַץ איז מיר אַ נייער משיח געבאָרן געוואָרן. אין זיין ליכט וועל איך גיין, אונטער זיין פאָן וועל איך קעמפן, ביז די גאַנצע וועלט וועט אויסגעלייזט ווערן און די יידן מיט איר. דו ביזט מיר געוועזן אַ פאַלשער משיח, און עס איז גוט, וואָס דו ביזט טויט אין מיר, און איך וועל אַלעמען זאָגן, אַז דו ביזט געוועזן אַ פאַלשער משיח.״

אָבער דער באַגראָבענער ציוניסט איז נישט געוועזן טויט. ער איז נאָר געוועזן, וואָס מען רופט „פּריטשמעליעט״. באַלד האָט ער זיך אָנגעהויבן רירן, ווארפן מיט די הענט און פיס אונטער דער אויפגעשאָטענער לאַווע, אַרויסגלאָצן פון דאָרטן מיט פּראָטעסטירנדיקע אויגן. און שרייען האָט ער אָנגעהויבן, און רופן און אָכצן און קרעכצן. און אין אַ שטילער נאַכט, ווען אַלץ אין שיינקינען איז געשלאָפן, פלעגט ער אויפהייבן דעם קאָפּ און אַרויסקרעכצן: „בין איך ווירקלעך אַ פאַלשער משיח? ביזטו זיכער אין דעם? און ביזטו זיכער, אַז איך בין טויט אין דיר? הערסטו דען מיך נישט?״

שיינקין האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. געמאַכט זיך בלויז. אָבער ווייל ער האָט דאָך געהערט, האָט ער גענומען פאַרשרייען אים, אַריבערשרייען, פאַרטומלען. און דערנאָך אויך

באַליידיקן און פאַררכילותן, בלבולים אויסטראַכטן און ליגן אָנזאָגן. ווי אויף איינעם, וואָס האָט גאָר קיינמאָל נישט גע־לעבט אין אים. דאָס איז געווען דאָס בעסטע מיטל צו באַ־ווייזן אים, אַז ער איז טויט.

אָבער דער ציוניסט אין אים האָט אויך דעם לעצטן באַ־ווייז נישט אָנגענומען. ער האָט אַלץ געוואָרפן מיט די פיס און פּראָטעסטירט מיט די אויגן און גערופן און געשריען. און ווען אַלץ אין שיינקינען איז געשלאָפן, האָט ער נישט אויפגעהערט צו פרעגן: „ביזטו זיכער, אַז איך בין אַ פאַלשער משיח? און ווייסטו דען נישט, אַז איך בין נישט טויט אין דיר?"

שיינקין האָט קיינעם נישט דערציילט פון דער שטימע אין דער נאַכט. אפילו זיין פרוי נישט. אָבער עס זיינען געווען מאָמענטן, ווען ער פלעגט זי אָנקוקן מיט קנאה־אויגן, ווייל זי האָט נישט ארומגעטראָגן אין זיך אַ מת, וואָס וויל נישט שטאַרבן. און עס איז נישט גוט ארומצוטראָגן אין זיך אַ מת. און שיינקין האָט שרעקלעך געליטן.

אומשטענדן האָבן אָפּגעריסן שיינקינען פון ווייב און קינד און פאַרוואָרפן נאָך אַמעריקע. איצטער איז ער געווען זיכער, אַז ער וועט זיך באַפרייען פון זיין אָנשיקעניש. דער טויטער וועט נישט געפינען דעם וועג נאָך דער נייער וועלט. אָבער ווי ער איז נאָר אַראָפּגעטראָטן פון שיף, האָט ער דערהערט אין דעם גערויש, מיט וועלכן ניו־יאָרק האָט אים אויפגענומען, די שטימע פון זיין מת: „איך בין דאָ מיט דיר!"

שיינקין איז אריינגעפאַלן אין העלישן כעס. איינמאָל פאַר אַלעמאָל אוועק מיטן טויטן! אַ קעמפּער מוז זיין מיט אַ גאַנ־צער נשמה! סאָציאַליסט זיין, בלויז סאָציאַליסט! האָט ער זיך ארויפגעוואָרפן אויפן טויטן מיטן גאַנצן גרימצאָרן, געשלאָגן אים מיט פּען און צונג, פאַרשאָטן אים מיט די ביזעסטע בלבולים און שקרים, נישט געלאָזן אים דעם קאָפּ אויפהויבן. און דער עולם אין דער נייער וועלט, וועלכער האָט שיינקינס יונגט נישט געקענט, האָט געזאָגט: „מיר האָבן נאָך קיינמאָל

נישט נעזען אזא פארביסענעם אנטי־ציוניסט. אזא איינער ווערט מען נישט, אזא איינער קאָן מען נאָר געבאָרן ווערן.״

דער מ ת איז ווידער „פארטשמעליעט״ געוואָרן און איז אזוי געלעגן א לאנגע צייט. האָט אויפגעהערט צו רירן זיך, קיין טאָן נישט ארויסגעגעבן. שיינקין האָט פריי אויפגעאָטעמט. זיין נשמה האָט געקראָגן איר תיקון. זי איז גאַנץ געוואָרן. געבענטשט זאָל זיין אמעריקע!

האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה, און איינמאָל אין שטילקייט פון דער נאכט האָט שיינקין דערהערט, ווי דער ט ו י ט ע ר האָט גערעדט צו אים: „איך לעב אין דיר, איך קום צו זיך, קאָן שוין ווידער אין דיר רעדן. וואָס באווייזט דיר די מלחמה, זאָג מיר? די צוריסנקייט פון די פעלקער, די געשלאָסנ־קייט פון דעם יידישן פאָלק. דער גרעסטער שרעק און ווייטיק פאר א יידישן סאָלדאט איז צו דערהערן א „שמע ישראל״ פון א געפאלענעם „שונא״. אָבער די פראָלעטאריער פון די פארשיידענע פעלקער פאלן אָן איינע אויף די אנדערע מיט דער ווילדקייט און בלוטדורשטיקייט פון ווילדע חיות. ווו איז אהינגעקומען דיין אמתער משיח? פארוואָס האָט ער דערלאָזן די מלחמה? ווו איז זיין אייניקונג און פארברידערונג? ווו איז זיין באפרייאונג און דערלייזונג?״

דאָס איז געוועזן א בייזע נאכט פאר שיינקינען. אָבער אינדערפרי האָט ער זיך אויסגעריבן די אויגן ווי נאָך א בייזן חלום. טויט איז טויט. נישטאָ קיין תחית המתים. און אין יענעם טאָג האָט ער אָנגעשריבן קעגן זיין מ ת איינעם פון זיינע בייזעסטע ארטיקלען, קעגן דעם פאלשן משיח, וועלכער וויל אויפוועקן אין די יידישע ארבעטער האָפנונגען, וואָס וועלן קיינמאָל נישט מקוים ווערן...

אָבער דער מ ת האָט זיך דערפאר נוקם געוועזן. נאכט אין נאכט. און אויך בייטאָג, ווען אין שיינקינען פלעגט נאָר אביסל שטיל ווערן, פלעגט ער זיך לאָזן הערן מיט פארשיידענע דערמאָנונגען: „וואָס, שטעלסטו זיך פאָר, וועט מיט די יידן זיין נאָך דער גרויסער וועלט־קאטאסטראָפע? מיינסטו, אז די גרויסע

פיינטשאַפט, וועלכע איז אויפגעשטאַנען צווישן פעלקער, וועט זיך נישט אָפּרופן אויף די יידן אויף דעם גרויזאַמסטן אופן? וואָס וועט דאָ קאָנען העלפן דיין משיח, וועלכער האָט נישט געקאָנט און נישט געוואָלט פּאַרהיטן פון דער דאָזיקער פיינט־שאַפט?"

אַזוי האָט דער טויטער גענאַגט און געטאָטשעט אין שיינקינען. ביז די רוסישע רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן. איצטער איז שיינקין אויסגעפילט געוואָרן מיט נצחון־געפיל און האָט טריאומפיש אַראָפּגעשריען צו זיין מ ת: „באַסטאַ! מער וועסטו נישט נאָגן! דיינע אַלע אָנרערענישן און יאָמערייען זייַנען די גרעסטע לעכערלעכקייטן. די וועלט וועט איצטער אויפ־שטיין צו אַ נייעם לעבן און גרויסע פרייהייטן. עס קומט די אויסלייזונג פון דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, און די צרות פון די יידן וועלן אויפהערן. דער ציוניזם איז איצטער נאָך מער איבעריק און פאַלש, ווי ווען עס איז."

האָט אין שיינקינען אַזוי געזונגען זיין ווידערבאַפרייאונג פון זיין טויטן ביז דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אין יענעם טאָג האָט זיך דער טויטער ווידער שטאַרק אַ ריר געטאָן אין אים, און אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט ער גע־זונגען אין אים אָן אַן אויפהער: „ארץ ישראל וועט אָנערקענט ווערן אַלס נאַציאָנאַלע היים פון דעם יידישן פאָלק! דאָס, צו וואָס איך האָב געשטרעבט, וועט מקוים ווערן! איך בין קיין פאַלשער משיח נישט געוועזן!" אָבער אינגערפרי האָט שיינקין אים ווידער גוט איינגעגראָבן און פאַרשאָטן און צוגעשריען: „דו וועסט אין מיר נישט לעבעדיק ווערן!"

און גלייך האָט ער אַנטדעקט די אַראַבער, וועלכע דער ציוני־זם וויל אונטערדריקן, און אָנגענומען זיך פאַר די אַראַבער, און געקעמפט קעגן אויסגעטראַכטע יידישע פּאָלקן, וואָס ווילן אַרויסטרייבן די אַראַבער פון זייער לאַנד, און געדונערט קעגן די ציוניסטישע פאַרכאַפּער און פאַרגוואַלטיקער פון די אַראַבער. און דער עולם האָט געשטוינט איבער זיין האַס, וואָס קאָן נאָר אַרויסגעזויגט ווערן מיט דער מוטערס מילך...

## 3.

עס איז געקומען אַ צייט פון אַ שווערן קאַמף אין שיינקינס נשמה. די יידישע אַרבעטער פון אַמעריקע, דערצויגענע אין קעגנערשאַפט און שנאה צום ארץ־ישראל־געדאַנק, האָבן זיך צוגעגרייט צו אַן עפנטלעכן אַרויסטריט פאַר די יידישע אַרבעטער פון ארץ־ישראל. דאָס האָט נישט געטאָרט דערלאָזט ווערן. שיינקין האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף קעגן דעמדאָזיקן אַרויסטריט. אָבער מיט אַ צוריסענער נשמה. דער מ ו י ט ע ר אין אים האָט זיך אָנגעהויבן אומצוּוואַרפן, נישט געלאָזן אים רוען בייטאָג און ביינאַכט. און ווען שיינקין האָט געשריבן אָדער גערעדט קעגן דעם דאָזיקן אַרויסטריט, האָט דער מ ו י ט ע ר אָן אויפהער אַרויסגעשריען צו אים: „דו ליגסט! דו ליגסט! דו ליגסט! דו רעדסט קעגן דעם, וואָס איז פאַרבאָרגן טיף אין דיין האַרצן. איך לעב אין דיר...״

איז שיינקין אַרומגעגאַנגען אַן אָנגערוקטער, אַן אומצופרידענער, ווי אַ מענטש, וואָס קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען.

אין יענע טעג האָט אים אַ גענאָסין איינגעלאַדן צו זיך צו אָוונטברויט. מיט אַ סך זיסע ווערטער און חניפות און צווייטיקע אָנצוהערענישן. איר מאַן וועט ליידער נישט זיין אינדערהיים. זי וועט נעבעך זיין אַליין. ער האָט די פרוי קיינמאָל נישט געאַכט, צייטנווייז אפילו נישט געקאָנט אויסשטיין. אָבער די איינלאַדונג איז צו אים געקומען אין אַ טאָג פון גרויסער

לאַנגווייליקייט און מוטלאָזיקייט, פון אומדערטרעגלעכן נישט קאָנען זיך געפינען קיין אָרט, האָט ער זי אָנגענומען. גאַנץ אַפּאַטיש, אָן לוסט, אָן ווילן. אפילו מיט ווידערווילן.

פון טיש האָט זי אים איינגעלאָדן אין בעט. העסלעך, עקל־האַפט, גראָב־תאוהדיק. ער האָט אויך די איינלאַדונג אָנגענומען.

ווען ער איז אַוועק פון איר, האָט אים געעקלט. ער האָט זיך געמיאוסט פאַר זיך אַליין. ער האָט אפילו אויסגעשפּיגן פאַר זיך אַליין. פוי! ווי האָט ער געקאָנט אַזוי פאַלן? מיט אַ פרוי, וועלכע ער קאָן נישט אויסשטיין, מיט אַ גראָב־תאוהדיקער „עקלהאַפטיקייט"! און איר מאַן איז אַ נאָנטער חבר... ער האָט אַריינגעקוקט טיף אין זיך. ער האָט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי האָט ער עס געקאָנט טאָן. און ער האָט דערהערט די שטימע פון דער טיפעניש אַרויס: „עס איז, ווייל דו גייסט אַרום מיט אַ ליגן אין דיר. עס איז, ווייל דו ליגסט יעדן טאָג און יעדע שעה אין טאָג. עס איז, ווייל דו טראָגסט אַרום אין זיך אַ מת, וואָס איז קיין מת נישט, נאָר אַ לעבעדיק באַגראָבענער, וועלכן דו ווילסט דערמאָרדן און פאַרלייקענען."

אָ, דאָס איז געווען אַ גליקלעכער טאָג פאַר דעם מת אין באָרים שיינקין. אין יענעם טאָג האָט ער אַראָפּגעשאָטן פון זיך גאָר אַ סך פון דער אַש, מיט וועלכער ער איז געווען צוגעדעקט. ווייל אין יענעם טאָג האָט שיינקין געמוזט זיך מודה זיין, אַז זיין טויטער איז שוין לאַנג נישט מער צוגע־שאָטן מיט ברענענדיקער וואולקאַן־לאַווע, נאָר מיט אָפּגעקיל־טער גרויער אַש. — —

שיינקין איז שוין לאַנג אַרומגעגאַנגען אַן אַנטוישטער און פאַרביטערטער. די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון דער וועלט זיינען צוריסן און צוטיילט געוואָרן. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון סאָוויעט־רוסלאַנד איז אים געווען צווידער — ער איז געווען איר ביטערסטער שונא. זיין פרוי, וועלכע איז געקומען פון סאָוויעט־רוסלאַנד — אַרויסגעראַטעוועט זיך פון סאָוויעט־רוסלאַנד! — אַ פייערדיקע קעגנערין פון דעם באָלשעוויזם,

האָט נאָך פאַרשטאַרקט זיינע געפילן קעגן דעם רוסישן קאָ־מוניזם. ווי אַזוי האָט ער געקאָנט האָבן פייער אין זיך? פונ־וואַנען די וואַרעמקייט? אַמעריקע מיט איר מאַכטלאָזער און נשמה־לאָזער אַרבעטער־באַוועגונג האָט עס אים געוויס נישט געקאָנט געבן.

באַרים שיינקין האָט ענדלעך געשלאָסן וואָפנשטילשטאַנד מיט זיין לעבעדיק־באַגראָבענעם, אויפגעהערט צו מאָרדן אים און ביסלעכווייז אָנגעהויבן צוצוהערן זיך צו אים. און ווען עס איז געקומען דער טאָג, און שיינקין האָט איבערגעלייענט אין די צייטונגען, אַז דער פעלקער־בונד האָט אָנערקענט ארץ־ישראל פאַר דער נאַציאָנאַלער היים פון דעם יידישן פאָלק, איז ער בלייך געוואָרן, האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ אויף די הענט און זיך צעוויינט. אָבער אין דער מינוט איז דער לעבע־דיק באַגראָבענער אַרויס פון זיין קבר מיט לייכטנדיקע אויגן, אַוועקגעשטעלט זיך איבער דעם אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, געריבן זיך די הענט פאַר פרייד פון ווידעראויפלעבונג.

זיין פרוי, וועלכע איז געקומען פון רוסלאַנד אַ מידע, אַ צו־בראָכענע און אַן אויסגעלאָשענע, אָן ווילן און אָן כּוח צום קאַמף, אָבער דיזעלביקע קלוגע און איידעלע, האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין קאָפּ, מיט די אויגן אָנגעשטעלט, ווי זי וואָלט געזען פאַר זיך דעם לעבעדיק באַגראָבענעם, און שטיל און ווייך אַרויסגערעדט די ווערטער פון דעם קייזער יוליאַן דעם לייקענער: „דו האָסט געזיגט, גאַליליייער!”

אַ היפּשע ווײַלע האָט זי פון אים קיין וואָרט נישט גע־הערט. ער האָט נישט געקאָנט רעדן, נאָר זיינע אויגן האָבן אויסגעדריקט טיפע טרויער. ענדלעך האָט ער אַרויסגערעדט:

„איך שעם זיך!”

ער האָט עס אַרויסגערעדט מיט אַ שאַרפקייט, וועלכע האָט איר אַ שניט געטאָן אין האַרצן, און ער האָט ווייטער געזאָגט:

„איך שעם זיך, וואָס איך האָב די אַלע יאָרן נישט בלויז נישט געהאָלפן, נאָר אַזוי ברוטאַל געשטערט דער ווידעראויפ־לעבונג פון אונזער פאָלק.”

זי האָט אים אַרומגענומען און אײַנגערעדט אין אים די טרייסט־ווערטער:

„מיר האָבן בײדע גוט געמיינט, און מיר האָבן געטאָן גוטע אַרבעט. מיר האָבן געדינט דעם יידישן פאָלק, ווען מיר האָבן אין זיין פּראָלעטאַריאַט אַריינגעטראָגן אָדער געוואָלט אַריינטראָגן דעם סאָציאַליזם.“

אָבער ער האָט ווידער ביטער גערעדט:

„פאַרוואָס האָבן מיר נישט פאַרבונדן בײדע אַרבעטן צו־זאַמען, ווי מיר בײדע האָבן זיך פאַרבונדן, דער ציוניסט מיט דער סאָציאַליסטקע? פאַרוואָס האָב איך געמוזט פאַרלייקענען און באַגראָבן דעם ציוניסט אין מיר? וווּ איז זיין סתירה צום סאָציאַליזם? איז דען דער סאָציאַליזם קעגן זעלבסטבאַ־שטימונג פון פעלקער? באַקעמפן סאָציאַליסטן די זעלבסט־שטענדיקייט־אידעע פון זייער פאָלק?“

אויף דערויף האָט זי נישט געהאַט אים וואָס צו ענט־פערן. — —

1922

צוויי יונגע זאַמלער, אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק און אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן, זיינען געגאַנגען פון קראָם צו קראָם און האָבן געקליבן נדבות. די מיידל האָט געטראָגן אַ גרויסע בלעכערנע פּושקע, אויף וועלכער עס זיינען געווען אַרויפגעקלעפּט די רויטע ווערטער: פּאַר די מלחמה־געליטענע.

דער אַלטער בעטלער, אַ הויכער, דאַרער ייד מיט אַ ברייטער אָבער שיטערער גרויער באָרד, האָט זיך מיט זיי אָנגעשטויסן אין דער טיר פון אַ קראָם, פון וועלכער זיי זיינען אַרויס. ער האָט געוואָלט מאַכן אַ בעטל־פּנים, אַרויסזאָגן זיינע געוויינלעכע ווערטער: „גיט אַ נדבה, יידישע קינדער־!" אָבער ער האָט באַמערקט די רויטע ווערטער און איבערגעלייענט זיי. פּאַר די מלחמה־געליטענע. ער איז געבליבן שטיין, האָט זיינע ווערטער נישט געזאָגט, נאָכגעקוקט זיי.

זיי זיינען געווען פריידיק אויפגערעגט. זיי האָבן דרינען אין קראָם געווים געקראָגן אַ גרויסע נדבה. זייער פּושקע איז געווים שווערער און וויכטיקער געוואָרן.

יאָ, ער וויים. דאָ אין קראָם זיינען גוטע מענטשן. זאָגן קיינמאָל נישט אָפּ. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דער הענטל פון דער טיר. אָבער די טיר נישט אויפגעעפנט.

ער האָט נישט געקאָנט אַריינקומען נאָך די צוויי. ער איז נישט וויכטיק מער. ער מיט זיין גאַנצן דלות. וואָס פּאַר אַ רחמנות־פּנים ער זאָל נישט מאַכן, וועט ער אַליץ נישט דערגרייכן צום עלנט פון די מלחמה־געליטענע. ווען ער וועט איצטער

אריינקומען, וועט ער זיין „אויך מיר אן ארעמאן!‟ די נדבה, אויב מען וועט זי געבן, וועט אים צוגעוואָרפן ווערן ווי ארויס־געוואָרפן, ווי נישט קיין מצוה מער. ווי מען וואָלט גאָר פאַר־דינט אן עבידה, וואָס מען גיט זי אים.

ער האָט געהאַלטן די הענטל, געדריקט זי אין זיין האנט, ווי ער וואָלט געוואָלט ארויסדריקן פון איר אן אנטשיידונג. ענדלעך אָפּגעלאָזן די הענטל און אוועק פון טיר. אין קראָם נישט אריין.

יאָ, ער וואָלט נישט געווען איצטער קיין אמתער אָרעמ־מאן. גלייכער, ווען ער גייט איצטער נישט אריין. אָבער גאָט וויים דעם אמת, אז ער איז אן אמתער אָרימאן. ער נאַרט קיי־נעם נישט. ווען ער וואָלט אויסדערציילט זיין גאַנצן דלות! נישט א האָר קלענער, ווי דער דלות פון די מלחמה־געליטענע.

איז ער דען א בעטלער, ווייל ער וויל זיין א בעטלער? איז ער דען שטענדיק געווען א בעטלער? ער איז געוואָרן א בעטלער, ווייל „כלו כל הקיצין‟. ער האָט נישט געוווּסט מער וואָס צו טאָן. אָדער לאַנגזאַם אויסגיין פון הונגער, אָדער מאַכן זיך א טויט און אריינשפּרינגען פון בריק אין וואַסער, אָדער ווערן א בעטלער. איז אַז עס ווילט זיך פאָרט לעבן, איז ער געוואָרן א בעטלער. די מלחמה־געליטענע מאַכן זיך אויך קיין טויט נישט, שפּרינגען אויך נישט פון בריק אין וואַסער.

ער האָט נאָכגעקוקט די צוויי, ווי זיי גייען קראָם־איין, קראָם־אויס, קומען ארויס צופרידענע. אומעטום גיט מען זיי. זיי וועלן אים קאַליע מאַכן די גאַנצע גאַס מיט קראָמען. ער וועט דאָ איצטער אין ערגעץ נישט קאָנען אריין. אומעטום וועט מען אים אָנקוקן מיט דער גרעסטער שפּלדיקייט. הע! די מלחמה־געליטענע!

ער האָט אָנגעשטרענגט דעם בליק פון זיינע אַלטע מוטנע אויגן, אוועקגעטראָגן זיך אויף יענער זייט ים אין דער פּוילישער שטעטל, אין וועלכער ער איז געבאָרן געוואָרן. געוואָלט זען פאַר זיך זיינע קאָנקורענטן, די מלחמה־געליטענע.

ער לייענט נישט קיין צייטונגען. ער דאַרף האָבן ברילן און

נישטאָ, פאַרוואָס צו קויפן. אָבער ער הערט זיך אָן גענוג ניים. ער ווייס אַלץ, וואָס דאָרטן קומט פאָר. שטעט און שטעטלעך זיינען חרוב געוואָרן. די איינוווינער זיינען פאַריאָגט און פאַרוואָגלט געוואָרן. און די יידן שטייען זיך אוים דערצו גאַנץ באַזונדערע צרות.

זיין שטעטל איז אויך חרוב געוואָרן. מען זאָגט, אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן. די איינוווינער ריכטן אָפּ גלות. ווער ווייס, וווהין זיי זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן.

ער זעט פאַר זיך זיין שטעטל, ווי זי לעבט אין זיין זכרון, און וויל זיך אויסמאָלן, ווי זי זעט איצטער אויס, ווי זי איז אינגאַנצן חרוב און אָפּגעברענט. שווער זיך פאָרצושטעלן אַזאַ זאַך. וויפל ער באַמיט זיך נישט, זעט ער אַלץ הייזער און גאַסן. אָבער ליידיקע. דאָס קאָן ער זיך יאָ אויסמאָלן. ליידיקע גאַסן און הייזער. גאַנץ אויסגעשטאָרבענע. די איינוווינער זיינען פאַרטריבן געוואָרן. ווו? ערגעץ וווייט... ערגעץ זייער ווייט... היימלאָזע, געיאָגטע, געפּלאָגטע... ווי, ווי... זאָל מען נישט צוגעקומען ווערן!... אָ, אים איז אַ סך בעסער. גאָר קיין פאַרגלייך נישט. ער האָט דאָך פאָרט אַ היים. אַ דאַך איבער זיין קאָפּ. און קיינער יאָגט אים נישט, פאַרפאָלגט אים נישט. ער האָט נישט לעבן זיך קיין קאַזאַקן. האָט נישט קיין רוסישן גאָראָדאָוואָי... אויב עמעצן איז טאַקע זייער ביטער, איז עס זיי דאָרטן. פּשוט אַ גרויל... ווי האָט ער גאָר געקאָנט...

עפּעס האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ. זיין אַלט בלוט איז זיך צולאָפן אין אים, אויפגערודערט דאָס האַרץ, געמאַכט אים ווארעם.

ער איז אַוועק נאָך די צוויי. אָפּגעוואַרט זיי פאַר אַ קראָם, אין וועלכער זיי זיינען אריין. דערווייל האָט ער ארויסגענומען פון קעשענע דאָס ביסל קליינגעלט, וואָס ער האָט היינט צונויפגעמאַכט. שנעל איבערגעציילט. איין דיים, אַ פּאָר ניקלס, די איבעריקע פּענים. אַלץ צוזאַמען אַכטאונזעכציק סענט.

די צוויי זיינען ארויסגעקומען. אָנגערוקטע, אומצופרידענע.

„דאָס איז פאַרלויפּיק דער ערגסטער פּלאַץ," האָט די מיידל געזאָגט.

„פאַראַן ביי גאָט חזירים," האָט דער בחור געענטפערט.

זיי האָבן פאַרבייגעוואיילט פאַרביי דעם אַלטן, נישט אומגעקוקט זיך אויף אים. נישט באַמערקט זיין האַנטבאַוועגונג.

„וואַרט, וואַרט, איילט נישט אַזוי," האָט ער זיי אָפּגעשטעלט.

זיי זיינען שטיין געבליבן, פאַרוואונדערט אָנגעקוקט אים.

„איך וויל אייך פאַרבעסערן, וואָס איר האָט דאָרטן נישט געקראָגן," האָט ער געזאָגט. „שטעלט נאָר אונטער די פּושקע."

זיי האָבן אים אָנגעקוקט פאַרחידושט, אומגלויביק. די מיידל האָט אַרויפגעקוקט צום בחור: זאָל זי אונטערשטעלן די פּושקע, אָדער נישט? און צי וועט נישט דער אַלטער אַרויסכאַפּן די פּושקע?

„נישט קיין גרויסע געלט... נישט קיין גרויסע געלט..." האָט דער אַלטער געזאָגט און אונטערגעטראָגן די האַנט מיט מטבעות צום שפּאַלט אין דער פּושקע, וועלכע די מיידל האָט געהאַלטן צוגעדריקט צו זיך. „צוערשט גייט דער דיים... איצטער די פּאָר ניקלס... און איצטער פּעני נאָך פּעני... פאַראַן נאָך פּלאַץ אין דער פּושקע?"

די מיידל האָט אָפּגערוקט פון זיך די פּושקע, אַ טרייסל געטאָן זי.

„יאָ, פאַראַן נאָך גענוג פּלאַץ," האָט דער אַלטער געזאָגט און אָנגעהויבן אַריינצוּוואַרפן די פּענים איינע נאָך דער אַנדערער.

„ווו האָט איר גענומען אַזויפיל פּענים?" האָט דער בחור געפרעגט.

די מיידל האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט פאָרוואורף. ער זעט דאָך. וואָס דאַרף ער פרעגן!

„צונויפגענומען... צונויפגענומען..." האָט דער אַלטער רואיק געענטפערט. „אויף די מלחמה־געליטענע. איר זעט, איך גיב עפּעס אָפּ... אַכט און זעכציק סענט... איין דיים, צוויי ניקלס,

די איבעריקע פּענים. אַט, פּאַרטיק... אויף מער האָט קיין פאַריבל נישט... אַזוי... נו... אַ דאַנק אייך פאַר דער מצוה..."

„אַ דאַנק אייך!" האָבן זיי ביידע אויסגעשריען.

ער איז אַוועק אין דער זייט, פון וואַנען ער איז אָנגעקומען.

זיי האָבן אים אַ ווײַלע נאָכגעקוקט. גאַנץ געפּלעפט.

„אַליין אַ בעטלער!" האָט די מיידל אויסגערופן. „ווי מערקווירדיק!"

„יאָ," האָט אָפּגעענטפערט דער בחור. „אינטערעסאַנט!" און ער האָט טיף געריררט צוגעגעבן: „דאָס איז אונזער בעסטער טאָג."

זיי האָבן צוגעוואָרפן דעם אַלטן אַ בליק פול וואַרעמקייט און דאַנקבאַרקייט און זיינען אַוועק צו זייער זאַמלונג.

דער אַלטער איז געשטאַנען פאַר דער קראָם, ביי וועלכער ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט די צוויי זאַמלער. ער האָט זיך עפּעס איבערגעלייגט.

עפּעס האָט אויפגעבליצט אין אים. יאָ, איצטער וועט ער אַהער אַריין. ער דאַרף נישט מורא האָבן, ער דאַרף נישט זיין אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. ער איז איצטער אַליין אַ מלחמה־געליטענער.

ער האָט זיך אויסגעגלייכט, אויסגעצויגן זיך אין זיין גאַנצער הויך, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט שטאָלצן גאַנג אַריין אין קראָם.

1915

קענט איר מרס. בערג, די פרוי פון דעם באנק־דירעקטאר בערג, די שטיינרייכע „יאהודית", וועלכע נעמט זיך שטארק אי־בער מיט דעם, וואס נישט זי און נישט איר מאן און נישט אירע קינדער זעען אויס ווי יידן?

איר טאכטער נעבעך האט געכאפט א מיאוסן יידישן אפ־שניט. איר שיינע טאכטער פרענסים, וועלכע זעט אויס, ווי א ריין־יענקישע טאכטער, אן עבטע נארדיש.

און דערפאר נאר וואס עס זיינען פאראן יידישקעס מיט קרומע נעזער, און דער רוח טראגט זיי אן, נראד ווען מען וואלט גאר געוואלט פארגעסן, אז זיי זיינען פאראן אויף דער וועלט.

ניין, מרס. בערג איז נישט קיין אנטיסעמיטקע. אבער — „וואס ווייניקער מ'פארקערט מיט יידן, איז אלץ געזינטער!" און פארוואס פארקלייבן זיי זיך נישט אין פאלעסטינע? ווי זי איז נישט קיין ציוניסטקע, וואלט זי פונדעסטוועגן געגעבן צושטייער, מ'זאל אריבערפעקלען אלע יידן נאך פאלעסטינע! עס וואלט איר געווארן א ליכט אין די אויגן...

אין דעם רייכן, פאשיאנאבלען האטעל, אין וועלכן זיי זיי־נען איינגעשטאנען אין דעם מיליאנערסקן קוראָרט, איז איר פרענסים באקאנט געווארן מיט א גאסט, א קריסט. א יונגער, שיינער בחור — א פארגעניגן אנצוקוקן! אן אמתער פרינץ. און רייך!

און פרענסים איז אים גלייך געפעלן געווארן. ווארום פארוואס האט זי נישט געזאלט אים גלייך געפעלן ווערן? שיין

א י ז זי? און קלוג א י ז זי? און האָט אַזעלכע גוטע מאַניערן, ווי אַן אמתע אַריסטאָקראַטקע, און זעט אַ האָר נישט יידיש אויס, און דער נאָמען „בוירג" איז אויך נישט קיין ריין יידי־שער — עס זיינען פאַראַן אַ סך נישט יידישע בוירגס. איז טאַקע דער יונגער גוי געוואָרן איר גאַנצע כפרה. פון דעם ערשטן בליק אָן. ווו פּרענסים, דאַרטן ער. איר שאָטן.

האָט מרס. בערג טאַקע שטאַרק הנאה געהאַט. אָבער זי האָט געמוזט לאַכן צו זיך אַליין: איר טאַטע עליו השלום — „מאַי פאַדהער זעליג," האָט זי געזאָגט האַלב ענגליש, האַלב דייטש — וואָלט קיין נחת נישט געקליבן, וואָס זיין אייניקל גייט אַרום מיט אַ גוי.

און עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז איינמאָל האָט דער יונגערמאַן אָפּגעוואַרט פּרענסים מיט אַ גרויסן בוקעט בלומען.

איך פאַרשטייט דאָך, וואָס דאָס מיינט!

אַ שידוך, אַן אָנבאָט פון האַנט און האַרץ.

פּלוצלונג, דער יונגער מענטש האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט אַ וואָרט אויסצורעדן, לויפט אָן אַ שוואַרצע פאַר־זעעניש מיט אַ קרומער נאָז — מרס. בערג מאַכט דערביי אַ מאָלערישע באַוועגונג איבער איר נישט־סעמיטישער נאָז און רעדט אַרויס פול עקל און אָפּשטויס: „מיט אַ זאַ קרומער נאָז!" — אַז מען זעט אָן די יידישקע אויף אַ מייל, און פאַלט אַרויף פּרענסיסן אויפן האַלז, און הייבט זי אָן צו קושן, און צוגוידערט זיך אויפן יידישן שטייגער, הויך און שרייעריש, אַז אַלע אין האָטעל־פאָיע האָבן זיך געמוזט אומקוקן:

„אָ, פּרענסים, טייערע! איך בין אַזוי גליקלעך דיך צו טרעפן! איך בין אָנגעקומען מיט אַ שטונדע צוריק, און ווי איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דו ביסט אויך דאָ, האָב איך זיך אוועקגעלאָזט דיך זוכן. אָ, ווי גוט, וואָס איך האָב דיך גע־פונען! איך פריי זיך אַזוי! איז דאָס דיין פריינט? שטעל מיך אים פאָר!"

איך קאָנט זיך שוין פאָרשטעלן. דעם יונגן מענטש איז נישט געוועזן צו דערקענען. ער איז ווי איבערגעביטן געוואָרן. געוואָרן

מיטאמאָל שטייף און קאַלט, און איידער פרענסים האָט צייט געהאַט צו קומען צו זיך פון דעם קרומנאַזיקן איבערפאַל, האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ מין אייזיקן קול:

„אנטשולדיקט, מיס בוירג, מיין מוטער וואַרט אויף מיר.״

און אוועק.

ווי מוטער, ווען מוטער! מען האָט זי גאָר קיינמאָל נישט געזען מיט אים. מען האָט אפילו נישט געהערט פון אים, אַז ער האָט אַ מוטער.

דאָס איז בלויז געווען ביי אים אַן אויסרייד צו אַנט־לויפן — אָן אַ „גודביי״ אפילו.

און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן אויסצוּווייכן די אָרעמע פרענסים.

נאָך מער, ער האָט זי אויפגעהערט צו דערקענען.

בקיצור, מרס. בערג האָט געמוזט נעמען איר טאָכטער און אוועקפאָרן פון דעם קוראָרט.

אָבער פרענסים קאָן נאָך אַלץ נישט קומען צו זיך, גייט אַרום אַ דערשלאָגענע.

איז עס אַ חידוש, אַז מרס. בערג איז שטאַרק אויפגע־בראַכט אויף אַלע יידן? זי איז אַבסאָלוט נישט קיין אַנטיסע־מיטקע — אָבער די יידן זיינען דאָך פאָרט אַ פעסט! — ווי מ׳דאַרף זיי נישט, זיינען זיי דאָ.

ווירקלעך — אַמבעסטן וואָלט זי איינגעשטאַנען אין אַ האָ־טעל, ווו מען לאָזט קיין יידן נישט אַריין!

1915

.1

א דערפינדער ווערט מען נישט דורך שטודירן. א דער־פינדער ווערט מען געבאָרן. ווי א דיכטער, ווי א מוזיקער, ווי א נאפּאָלעאָן.

און מיין דערפינדער האָט געוווּסט גאַנץ באַשטימט, אַז ער דאַרף א האָר נישט שטודירן, און דאָך וועט ער אויסקלערן און דערפינדן א ריזיקע, וועלט־איבערקערנדיקע זאַך. ער האָט געפילט אין זיך די כחות. ער האָט געוווּסט אין זיך די גרויסע דערפינדערישע גענִיאַליטעט.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס ער האָט נאָך גאָרנישט דערפונדן. דער עיקר, ער קאָן דערפינדן. ער מעסט זיינע כחות אָן דעם, וואָס איז שוין דערפונדן געוואָרן פון אַנדערע, און וויים, אַז ער האָט ביי זיך נישט וואָס אָראָפּצופאַלן. האַהאַ, ער מעג טראָגן זיין קאָפּ זייער שטאָלץ! קיין דערפינדער, פון תובל קינען ביז עדיסאָנען, האָט אים נישט צופרידן געשטעלט, און קיין דערפינדונג איז פאַר אים נישט געוועזן אָן א פעלער. אַלץ וואָלט ער א סך שנעלער געמאַכט, און אַלץ וואָלט אַרויס־געקומען פון זיינע הענט אָן דער קלענסטער פּגימה. א שאָד, וואָס די פאַרשיידענע דערפינדונגען זיינען שוין געמאַכט געוואָרן. נאַטירלעך וואָלט ער זיי געקאָנט פאַרבעסערן. אָבער אויף פאַר־בעסערונגען צו אַרבעטן לוינט זיך אים נישט. פּאַסט זיך אויך נישט פאַר דער גרויסער אָריגינעלער קראַפט, וועלכע ער טראָגט אין זיך.

אויסער דעם איז ער געוועזן אַ פאַרברענטער יידישער נאַ־ציאָנאַליסט. דעם געזונטן געדאַנק פון אַן אייגענער יידישער קונסט האָט ער איבערגעטראָגן אויף דערפינדונגען. עס איז ווייניק, אַז דער דערפינדער זאָל זיין אַ ייד, און אפילו אַ נאַציאָ־נאַליסטישער ייד — אויך די דערפינדונג מוז זיין אַ יידישע. און ער האָט זיך פאַרשוואָרן, אַז ער מוז זיין גאַנצע דערפינ־דונגס־קראַפט, זיין גאַנצע געניאַליטעט אַוועקגעבן אויף יידישע דערפינדונגען. על כל פנים זיין ערשטע געניאַלע דערפינדונג מוז זיין אַ יידישע. און אויך זיין גרעסטע. —

און ענדלעך האָט זיך אָראָפּגעלאָזן אויף אים די גליקלעכע שעה פון גרויסן שאַפן.

ער האָט זיך איינגעשלאָסן ביי זיך אין צימער און האָט פלייסיק געאַרבעט. געאַרבעט לאַנג. גאַנצע חדשים, במעט דעם גאַנצן ווינטער. ער האָט קיינעם נישט צוגעלאָזן צו זיך, קיינעם נישט געוואָלט זען. אפילו די שטוביקע, וועלכע האָבן אים געזען ביים עסן און ביים טיי־טרינקען, האָבן קוים געהערט פון אים אַ וואָרט. זיי פלעגן זיך נישט פוילן צו פאַרוואַרפן אים מיט פראַגן, אָבער ער פלעגט נאָר גאַנץ מיסטעריעז אַרויסרעדן:

„ששש, שטערט נישט! איך בין פול מיט טענער."

און אין איין שיינעם טאָג האָט זיך דערהערט פון זיין צימער אַ שרעקלעכער, אויער־באַטויבנדיקער און נערוון־דרייסנ־דיקער גערויש. עס איז געוועזן, ווי הונדערטער מענטשן וואָלטן געטאַפּעט מיט די פיס, אומצייליקע גראַגערס וואָלטן געגראַגערט, אומצייליקע הילצערנע קלאַפּערס וואָלטן געקלאַפּט, און אין דעם אַלעם האָט זיך אַריינגעריסן אַ מין אומדערטרעגלעך סקריפּען, קווייטשען, רייבן, ברומען, בילן, וואָיען.

די שטוביקע זיינען דערשראָקן געוואָרן אויף טויט, האָבן פאַנאַנדערגעעפנט די מיילער און אויסגעסטאַרטשעט די אויגן, פאַרטויבט, פאַרטומלט. זיי האָבן קוים געקאָנט באַגרייפן, פון וואַנען דאָס קומט. נישט טויט, נישט לעבעדיק האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן צו זיין צימער, אָבער די טיר האָט זיך אויפ־

נעעפנט, און ער האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל — אַ שטאָל־צער, אַ גליקלעכער, אַ שיינענדיקער, טריאומפירנדיקער, יום־טובדיקער.

ער האָט זי, די גרויסע נאַציאָנאַלע דערפינדונג!

אַ נייעם המן־קלאַפּער.

## 2.

אַן אַלט יידל קומט אריין צו מיר און שטעלט זיך פֿאָר:

„אייער קעכין קען מיך זייער גוט. איך בין אייער קצב, בוטשער הייסט עס. מיין נאָמען מוזט איר דאָך קענען. איר צאָלט מיר דאָך די בילס און מאַכט אויס די טשעקס. נאָר איך הייס נאָך רעווערענד. נישט גלאַט אַזוי זיך: איך האָב טאַקע געהאַט סמיכה אויף הוראה. אָבער דאָ, איך ווייס... מילא... אָט אַזוי האָט זיך עס געמאַכט. איך בין געוואָרן אַ קצב, אַ בו־טשער הייסט עס.״

אַרום זעכציק מוז ער זיין, און אפשר עלטער. גאַנץ גרוי. קליין און דאַר מיט אַ גרויען בערדל אַרום איינגעצויגענע באַקן, וועלכע ווערן באַלויכטן פון אַ פּאָר טיף־זיצנדיקע מוטנע־בלויע אויגן. און שבתדיק אָנגעטאָן איז ער: אין אַ שוואַרצן סורדוק און שוואַרצע הויזן און ווייסן העמד מיט קראַגן און ווייסער קראַוואַטע. אָבער איך ווייס נישט, וואָס ער וויל פון מיר, און ווייס נישט, וואָס צו טאָן מיט אים.

און ער זאָגט:

„איך האָב געהערט פון אייער קעכין, אַז איר זייט אין דער היים גאַנצע טעג, און היינט איז שבת, דער שאַפּ איז געשלאָסן, האָב איך מיר געזאָגט, לאָמיך אַריינגיין.״

איך ווייס נאָך אַלץ נישט, וואָס ער וויל פון מיר, און שטיי און וואַרט: זעץ זיך אַליין נישט און בעט אים נישט זיצן.

און ער שמייכלט:

„נישט קיין געשעפטס־זאַכן. איר זייט מיר גאָרנישט שול־דיק. הלואי צאָלן מיר אַלע אַזוי די בילס. אָבער איך בין גלאַט אַזוי זיך. אויב איר האָט צייט, וואָלט איך געוואָלט אַביסל דורכרעדן זיך."

איצט בעט איך אים זעצן זיך און זעץ זיך אַליין און וואַרט, וואָס ער האָט מיר צו זאָגן. ער זעצט זיך, קוקט זיך אַרום און ווענדט זיך באַלד צו מיר מיט זיין שמייכל:

„איך האָב געלייענט, וואָס איר האָט געשריבן וועגן יידישע דערפינדונגען, בין איך געקומען דורכצורעדן זיך מיט אייך וועגן זיי."

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך זיך דערלויבט אַ שפּאַס וועגן אַ „יידישער" דערפינדונג, און איך מיין, אַז איך האָב פאַר מיר אַ היימיש־געבאַקענעם דערפינדער, וועלכער האָט מיין שפּאַס אָנגענומען פאַר אַן ערנסט. אָבער ער דערקלערט מיר, גלייך ווי ער וואָלט געלייענט מיינע געדאַנקען:

„שרעקט זיך נישט. איך בין קיין דערפינדער נישט, בין אפילו קיין געפינער נישט, האָב נאָך אויף מיין לעבן קיין פּעני נישט געפונען. אָבער איך האָב עטלעכע פּלענער פאַר יידישע דערפינדונגען."

זיינע מוטנע־בלויע אויגן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ ביט־רען שמייכל. איך זיץ ווי פאַר אַ רעטעניש. לאַכט ער? מיינט ער ערנסט?

אָבער ער גייט גלייך איבער צום ענין.

„וואָס זאָגט איר, צום ביישפּיל, וועגן דערפינדן תפילין, וועלכע לייגן זיך אַליין? איך מיין, אַז די גאַנצע צרה, וואָס אַזויפיל יידן האָבן אויפגעהערט צו לייגן תפילין, איז דערפאַר, וואָס זיי האָבן קיין צייט נישט און זיינען פּשוט פויל. עס איז פאַר זיי עפּעס אַ גאַנצע אַרבעט. אָבער אַז מען וואָלט אויס־געטראַכט תפילין, וועלכע לייגן זיך אַליין, וואָלט קיינער גאָר־נישט געהאַט אַנטקעגן זיי. אַ דריק טאָן אַ פּרוזשינע און זיי לייגן זיך: וויקלען זיך אַרום אַרום דער לינקער האַנט, טוען

זיך אָן אויפן קאָפּ, האָרי־אָפּ, אויף גיך, מעשה אמעריקע. הע־הע־הע... טוען זיך אַליין אוים, לייגן זיך צונויף, קריכן אריין אין תפילין־זעקל, און דו דערווייַלע ביסט שוין אויפן עלעווייטער... וואָס מיינט איר צו אַזאַ דערפינדונג, האַ?

„מיין זון — מיין דריטער זון — איך האָב פיר זין — דאָרטן, אין דער אַלטער היים, האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה און איז געווען זייער פרום, דאָ איז ער געוואָרן אַ מאַנופעקטשורער פון סקווירטס און האָט קיין צייט נישט פרום צו זיין — ער זאָגט, אַז מען וואָלט שוין בעסער געדאַרפט אויסקלערן תפילין אינו נראהס, תפילין, וועלכע מען קאָן נישט זען, וואָלט מען זיי געקאָנט אָנטאָן און שטיין מיט זיי אין געשעפט. נאָר איך מיין, אַז דאָס איז אַ דערפינדונג פאַר בלאָפער. ווער וואָלט גיין ארומטאַפּן, צי טראָגסט זיי יאָ אָדער טראָגסט זיי נישט?

„אָבער זעט איר, אַ דראָטלאָזער עירוב וואָלט גראָד געווען אַ גוטע זאַך. אַט נעמט אַפילו אַזאַ שטאָט ווי ניו־יאָרק. מאַכן אַן עירוב, ציען אַ יידישן דראָט איבער די גאַסן, איז טאַקע אוממעגלעך. אָבער אַ דראָטלאָזער עירוב וואָלט קיינעם נישט געשטערט. און ווי ווויל וואָלט אַזאַ עירוב געווען אין די רוסיש־יידישע שטעט? איר האָט דאָך מסתמא געלייענט, וואָס פאַר אַ בלבולים יידן זיינען זיך אויסגעשטאַנען אין דער איצטיקער מלחמה צוליב זייערע עירובס. פאָניע האָט געטענהט, אַז דאָס זיינען טעלעפאָנען צווישן די יידן און די דייטשן, אָבער ווען די עירובס וואָלטן געווען דראָטלאָזע, וואָלט זיי קיינער נישט געזען, און עס וואָלט צו אַזעלכע בלבולים נישט געקומען."

מאַכט דאָס יידל שפּאַס? איז ער ביים זינען? וואָס איז דאָס פאַר אַ מין „קרענק"? ער שמייכלט אַלץ און רעדט שטיל און רואיק:

„און מיינט איר, אַ ציצית־איינמאַכער וואָלט געווען אַ שלעכטע זאַך — אַזאַ מאַשינקע, וואָס זאָל איינמאַכן ציצית נאָכן דין נאָך?"

איצט וויל איך אים איבעררייסן:

„מיסטער...“

אָבער ער לאָזט מיך נישט אויסרעדן:

„נאָך עפּעס. האָט איר גאָרנישט געהערט, אַז די יידישע דערפינדונגען זיינען די בעסטע און זיכערסטע? אָט וועל איך אייך זאָגן. נעמט, צום ביישפּיל, וואָס פאַר אַ גויאישע דערפינדונג איר ווילט, וועט איר אַליין גלייך איינזעהן, אַז זי איז אַ גאָרנישט, אַז זי האָט קיין ממשות נישט. אָט נעמט כאָטש די אייזנבאַן. אַ גרויסע דערפינדונג, אַ גאַנץ וואַזשנע זאַך, אָבער וואָס? רייסט אַראָפּ די רעלסן, איז אויס אייזנבאַן. גאָר פּשוט, איר נעמט אַ האַק מיט אַן אייזן, און איין מאָל און צוויי מאָל און אויס — אויס אייזנבאַן! אָדער נעמט טעלעגראַף, טעלעפאָן... טאַקע אמת, גרויסע דערפינדונגען, ריזיקע חכמות. אָבער רייסט איבער דעם דראָט, איז אויס! טעלעגראַפירט זיך נישט און טעלעפאָנירט זיך נישט! פאַרטיק! איצט נעמט אָבער, פאַרקערט, יידישע חכמה, אויפגעטועכטסן פון יידישע קעפּ. יעדע זאַך אַזוי פאַרוואָרנט און פאַרהיט, נישט אַראָפּצורייסן און נישט איבערצוהאַקן. פּעסט, לעולם ועד. זיי האָבן אָנגעזאָגט, מען זאָל פּסח קיין חמץ נישט עסן, האָבן זיי עס אַזוי באַוואָרנט, אַז עס מעגן אפילו אַרויסקריכן די אויגן פון קאָפּ, וועט מען שוין קיין חמץ נישט עסן. וואָרום אפילו די טעלער, פון וועלכע מען עסט, מוזן זיין נייע, אפילו די פאַדלאָגע, דער פּלאָר, אויף וועלכן מען טרעט, מוז זיין אַ געוואַשענער און אַ געכשרטער. אַ חמצדיק שטויבל טאָר נישט איבערבלייבן. איז ווי וועט איר דאָ שוין עסן חמץ? אָדער נעמט אַ תענית. זאָגן מיר, תשעה באָב. מען האָט גוזר געווען נישט צו עסן אום תשעה באָב, איז מעגט איר זיך דרייען, ווי איר ווילט, וועט איר זיך שוין פון דער גזרה נישט אַרויסדרייען. אונזערע חכמים האָבן זיך שוין גוט באַוואָרנט. גאָר איינפאַכע מיטלען, אָבער שטאַרקער פאַר דראָטן און קלעצער און שרויפן. זיי האָבן אָנגעזאָגט נישט-צו־עסן, וועט איר דאָך זאָגן: איך וועל יאָ עסן! האָבן זיי אייך אָנגעזאָגט: זאָלסט דיך נישט טאָרן וואַשן. נאַ, טו עפּעס, עס נישט-געוואַשענערהייט! וועט איר דאָך זאָגן: איך וועל מיך

יאָ וואַשן און וועל יאָ עסן. האָבן זיי זיך נאָך מער פאַרוואָרנט און אָנגעזאָגט,, איר זאָלט קיין תפילין נישט לייגן. וואָס וועט איר איצט זאָגן? אדרבא, פרוּווט עסן, נישט האָבנדיק געלייגט קיין תפילין!״

ער איז אויפגעשטאַנען, אָבער איך בין געבליבן זיצן גאַנץ נשתומם.

,,הע־הע־הע,״ האָט ער זיך גוטמוטיק צולאַכט. ,,איר קוקט מיך אָן, אַקוראַט ווי איר וואָלט געצווייפלט, צי בין איך חס ושלום נישט ביים זינען, האַ־האַ־האַ... נאַ, נעמט נישט פאַר אומגוט, וואָס איך האָב אייך אַביסל געבאַלעמוטשעט... איך האָב שוין לאַנג געוואָלט דורכרעדן זיך מיט אייך... גלאַט זען אַ יידישן שרייבער... אָבער מיינט נישט, אַז איך בין חס ושלום... יאָ, יאָ, מען קאָן שוין אפילו פאַרלירן דעם שכל. אַז מען פאַרלירט די ערד פון אונטער די פיס, ווי קאָן מען איינ־האַלטן דעם קאָפּ? און איך זע איין מיט יעדן טאָג, אַז מיר פאַר־לירן די ערד פון אונטער די פיס. איך מיין, מיר — די אַלטע יידן, מיר — די יידן, וועלכע ווילן זיך דערהאַלטן ביי דער אַלטער יידישקייט. איך בין אַ קצב, אַ בוטשער הייסט עס, און אַ רעוורענד, אַ שטיקל כלי קודש, הייסט עס, און איך וויים, פאַרשטייט איר מיך, איך וויים. און וועגן דעם אייגנטלעך בין איך אַריינגעקומען. דאָס איז, וואָס איך האָב געוואָלט מיט אייך רעדן. איך האָב געוואָלט וויסן, צי איז עס רעכט אַזוי? צי דאַרף עס אַזוי זיין? נעמט נישט פאַר אומגוט דאָס איבעריקע. דאָס איז גלאַט אַזוי זיך געוועזן. לצנות. איר האָט געשפּאַסט, האָב איך אויך געשפּאַסט. האָב געוואָלט באַווייזן, אַז מיר קאָנען נאָך בעסער שפּאַסן, ווי איר. אָבער איך וואָלט געוואָלט אויסגעפינען פון אייך, וואָס מיינט איר? אַרט אייך טאַקע גאָרנישט, וואָס מיר פאַרלירן די ערד פון אונטער די פיס? אַרט אייך נישט, וואָס... אָבער ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך זע איין, אַז איך בין אַן אַלטער נאַר און נישט מער. וואָרום אַז איך וועל שוין וויסן, אַז אייך אַרט אפילו, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? די וועלט וועלן מיר דאָך נישט

איבערמאַכן. עס גייט, ווי עס גייט. סיידן גאָט עפּעס... נאָ, נעמט נישט פאַר אומגוט..."

איך האָב אים געוואָלט פאַרהאַלטן, אָבער ער האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז אַרויס. אין טיר איז ער נאָך אַ ווײַלע געבליבן שטיין און האָט אַרויסגערעדט:

„איר זאָלט פונדעסטוועגן צוליב דעם נישט אויפהערן צו קויפן פלייש ביי מיר."

1916

„די וואַנט", פאַרבאָטן אין פּוילן, איז אויפגעזעצט און גע־
דרוקט געוואָרן אין ניו־יאָרק.

## 1.

דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פון פוילנס באַפרייאונג פון אונטער דעם יאָך פון די מלוכות, וועלכע האָבן זי געהאַט צוריסן אויף שטיקער און די שטיקער צוטיילט צווישן זיך. נאָך הונדערט־און־פופציק יאָר האָט פוילן צוזאַמענגענומען די צעריסענע שטיקער און איז ווידער געוואָרן איין גרויס לאַנד, זעלבסטשטענדיק און זעלבסטבאַשטימענדיק, באַפרייט און פריי.

דאָך שלעכט האָט פוילן פאַרשטאַנען איר נייע פרייהייט. אַ, יע! ווייל פריי זיין האָט ביי איר געהייסן — אַ סך מאַכט האָבן און מאַכט באַווייזן. אָבער זי האָט נישט געקאָנט באַווייזן איר מאַכט אויף די גרויסע פעלקער, פון וועלכע זי האָט זיך ערשט באַפרייט. ניין, דאָס האָט זי נעבאך נישט געקאָנט. האָט זי אָנגעווענדט איר ווילן צו מאַכט אויף די קלענערע פעלקער־טיילן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין איהרע גרענעצן. דער עיקר אויף דעם אידן־פאָלק. זעלבסטפאַרשטענדלעך. ווייל דאָס איז שוין פון זייער לאַנג צוזייט און צושפּרייט צווישן די פעלקער און איז דאָס מאַכטלאָזעסטע. אַ הפקר־פאָלק.

האָבן די פּאָליאַקן קיין גרענעץ נישט געוואוסט אין זייער מאַכט־באַווייזעניש, ווייל וואָס מער זיי האָבן געקאָנט אונטערדריקן און פאַרפּאָלגן אַנדערע, אַלץ מער האָבן זיי געפילט זייער נייגעוואונענע פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט. ווי אַ קינד, וואָס פילט זיינע ציינער, ווען עס בייסט. און ווי איז געווען דעם הפקר־פאָלק, אויף וועלכן זיי האָבן זייערע ציינער געפילט. אַ, יע!..

מען האָט זיינע הרוגים נישט געציילט און זיינע יסורים נישט געמאָסטן. נאָך איז עס נישט געטאָן געוואָרן. עס האָט זיך גע־

וויקלט אַ גרויסער, דיקער קנויל פון באַליידיגונגען, פאַרפאַלגונגען, בלוט־פאַרגיסונגען. און ווער קאָן זאָגן, וועלכער פונקט אין דעם קנויל האָט מער ווי געטאָן? דערציילן אַלע איינצלהייטען הייסט פאַנאַנדערוויקלען דעם קנויל. דער לאַנגער פאָדים מאַכט נישט אַזאַ רושם, ווי דער גאַנצער קנויל, וועלכער פאַרשפּרייט אַ שוואַרצן שאָטן אויף פוילנס פרייהייט און פריי־זיין־קאָנען, ווי די לבנה אויף דער זון בשעת זונפינסטערניש.

אָבער אויף דעם קנויל האָט זיך געמאַכט אַ קניפּל, און ער שטעקט אַרויס פון אים עד היום — דער ווייטערער פאָדים האָט אים נאָך אַלץ נישט געקאָנט פאַרוויקלען און פאַרדעקן.

עס האָט זיך געמאַכט אין דעם טאָג, ווען פינף־און־דרייסיק אידישע קינדער זיינען צוגעשטעלט געוואָרן צו דער וואַנט פון אַ מאָנאַסטיר און דערשאָסן געוואָרן. אָה, יע, דאָס האָט איבער־געשטיגן אומצייליגע אַנדערע פאַרברעכנס פון דעם בייזן ווילן צו מאַכט. האָט אָנגעמאַכט דעם שווערסטן רושם, אַרויסגעריסן דעם שמערצלעכסטן ווייגעשריי, און נישט געקאָנט פאַרגעסן ווערן. און האָט די צייט גענומען איינדריקן עס טיפער אין דעם גרויסן קנויל, האָט די מאָנאַסטיר־וואַנט אויפגעהויבן עס אויף זיך און אַרויס־געשטעלט עס ווידער הויך און העכער. ניין, עס זאָל נישט פאַר־געסן ווערן.

דאָס זיינען געווען פינף־און־דרייסיק פון די בעסטע אידן אין יענער שטאָט, וועלכע זיינען צוגעשטעלט געוואָרן צו דער קלויסטער־וואַנט און דערשאָסן געוואָרן. און ווייל יענע שטאָט איז באַרימט געווען מיט איר אידישער קהלה, מיט איר תורה און איר חכמה און אירע מעשים טובים, זיינען דאָס געווען פינף־און־דרייסיק פון די בעסטע אידן אין לאַנד. דער גרעסטער טייל פון זיי נאָך גאָר יונגע מענשן, עטלעכע פון זיי בלוט און מילך, און אַ פּאָר עלטערע. אָבער אַלע וואויל־געלערנט, מיט אידייען אין קאָפּ און מיט דעם חלום פון אַ בעסערער וועלט אין הארצן. און וואָס נאָך מער: קיינער נישט פון זיי אַ פיינט פון פוילנס פריי־הייט. ניין. דער אמת'ער אמת איז, אַז די אויסלייזונג פון פוילן איז פאַר דעם גרעסטן טייל פון זיי, אויב נישט פאַר אַלעמען, גע־ווען אַ פרייד און אַ דערמונטערונג. זיי האָבן געטראָגן אין זיך

די האָפנונג, אַז וואָס עס איז געשען צו פּוילן, וועט אויך געשען צו יהודה. פון דער באַפרייאונג פון דעם פּוילישן פאָלק האָבן זיי געשעפּט מוט און זיכערקייט פאַר דער באַפרייאונג פון דעם אי־דישן פאָלק. אָ, יע, דאָס איז דער אמת׳ער אמת.

זיי זיינען אויך אוועקגענומען געוואָרן פון אַ פאַרזאַמלונג. פון אַ הילף־פאַרזאַמלונג. קיין וואָרט איז נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן קעגן פּוילן. חלילה! קיין האָר נישט פון אַ פאַרשווערונג קעגן פּוילנס פרייהייט. נאָר וועגן הילף האָט מען גערעדט. וועגן הילף פאַר די אידישע מאַסן, וועלכע זיינען אומגעקומען אין נויט און הונגער. נישט מער. דאָס איז דער אמת׳ער אמת.

אָבער דער פּוילישער ווילן צו מאַכט האָט זיך מיט דעם נישט גערעכנט, די פינף־און־דרייסיק אידן זיינען נישט גע׳משפּט גע־וואָרן. די מאַכט האָט זיך נישט געוואָלט פאַרהערן מיט דער גע־רעכטיקייט. עס איז געווען איר ווילן, אַז די פינף־און־דרייסיק אידן, פון די בעסטע אין שטאָט און לאַנד, זאָלן פאַרניכטעט ווערן. און עס איז געווען אַ צופאַל, וואָס בלויז פינף־און־דרייסיק.

## 2.

אויף דעם העברען אָפיצער יאַנפּאָלסקי איז אויסגעפאַלן דער כבוד צו ווערן דער אויסדרוק פון דער פּוילישער מאַכט. און ער איז געווען איבערגליקלעך. נאָך ווי! עס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן זיין בלוט, און אויפגערעגט האָט ער זיך געדרייט זיינע דיקע וואָנצעס. ווי לאַנג איז עס, אַז פּוילן האָט געהאַט די מעגלעכקייט און דאָס רעכט צו משפּט'ן, צו פאַר'משפּט'ן און אויסצופירן די שטראָף? ווי לאַנג איז עס, אַז פּוילישע סאָלדאַטן אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ פּוילישן אָפיצער האָבן געהאַט דעם כבוד אויסצופירן באַפעלן אין די אינטערעסן פון זייער פאַראייניקטער און פרייער מוטער פּוילן? אַ סך מיט יאָרן איז עס שוין. אַ פּעקל מיט יאָרן. פאַר דער צייט איז פּוילן געלעגן אויף דער ערד, געבונדן הענט און פיס, אָן אַן אייגענעם ווילן און אָן אַן אייגענער דעה. אַ דינסט ביי פרעמדע... פאַרדאַמט!

אַמבעסטן וואָלט ער אויסגעפירט די שטראָף אויף די פינף־און־דרייסיק אידן אינמיטן העלן טאָג. ער וואָלט זיי דורכגעפירט דורך דער שטאָט מיט פויקן־קלאַפּ און פּליטנפייף. זאָל די באַפעלקערונג צונויפקומען זיך און זען, אַז פּוילן איז באַפרייט און זעלבסטשטענדיק. און אויפן שטאָדט־מאַרק וואָלט ער עס געטאָן. און אין אַ מאַרק־טאָג. ווען די פּוילישע פּויערים פון די אַרומיקע דערפער וועלן זיך צונויפפאָרן. זאָלן זיי אויך וויסן, אַז זייער פאָטערלאַנד איז באַפרייט און פריי צו טאָן, וואָס זי וויל.

אַזוי וואָלט ער געטאָן, וולאַס יאַנפּאָלסקי, ווען דאָס וואָלט אינגאַנצן אָפּגעהאַנגען אָן אים. אָבער די העכערע נאַטשאַלסטוואָ האָט באַשלאָסן, אַז די שטראָף זאָל דורכגעפירט ווערן אין טיפער

נאַכט. ווען די שטאָט וועט שלאָפן. ער האָט פּראָטעסטירט. וואָס פאַר אַ פרייע פּוילן איז עס, אַז מען דאַרף זיך באַהאַלטן מיט אויס־פירן אַ שטראָף, וועלכע אירע ריכטער האָבן געפונען פאַר גערעכט און נויטיק? ער האָט געפילט, ווי אָפּצוזאָגן זיך פון דעם כבוד. וואָס פאַר אַ כבוד איז עס, אַז ער וועט נאָר דאַרפן קאָמאַנדירן אין נאַכט און פינסטערניש, ווי אַ פירער פון אַ רויבער־באַנדע? אָבער ער האָט דאָך נישט געהאַט דעם מוט אָפּצוזאָגן זיך. דער עיקר — עס זיינען געווען אַזוי פיל בעלנים. איז עס דאָך אַ גרויסער כבוד!

פאַרדראָסיק איז נאָר געווען, וואָס די באַשטימטע נאַכט איז אויסגעפאַלן זייער אַ פינסטערע.

יאַנפּאָלסקי האָט זיך געריכט אויף לבנה און שטערן, אויף דעם גאַנצן הימל־פּוץ און הימלשיין. דאָס כאָטש! עס וואָלט אַזוי גרויסאַרטיק געווען. די פינף־און־דרייסיק אידן אויף איין זייט, אַ צוויי־הונדערט פּוילישע סאָלדאַטן אויף דער אַנדער זייט, אַנט־קעגן די אידן, און איבער אַלעמען דער אויסגעשטערנטער הימל מיט דער ווייסער לייכטנדיקער לבנה, און ער, יאַנפּאָלסקי, אַנגע־טאָן שפּאָגל־ניי, דאָס שווערד אַרויסגעצויגן, פינקלענדיק אין דעם לבנה־שיין... יאָ, עס וואָלט געווען גרויסאַרטיק!

אָבער די נאַכט איז אויסגעפאַלן זייער אַ פינסטערע, דער הימל איז געווען באַדעקט מיט שווערע וואָלקנס. נאָר עס האָט נישט גערעגנט. ניין, ווי אויף צו־להכעיס. ווען עס וואָלט שטאַרק גערעגנט, וואָלט ער אפשר געקאָנט אָפּלייגן די שיסעריי. פאַר־דאַמטער אידישער מזל!

ער וועט מוזן געברויכן פאַקלען. און דאָס איז אַ טרייסט פאַר אים. אויך מיט פאַקלען וועט עס זיך זייער גוט אויסנעמען. ערנסט אַזוי. מיסטעריש. די פרייהייט־שיסעריי אילומינירט מיט פאַקלען...

און דאָס נאָך האָט ער אויסגעפירט. נישט הינטער דער שטאָט, אין פעלד, זאָל פאָרקומען די שיסעריי, נאָר אין שטאָט. און טאַקע אויפן שטאָט־מאַרק. אין גאַנצן באַהאַלטן זיך דאַרף פּוילן נישט אָנשטיין. אויב אימיצער וועט זיך אויפכאַפּן פון שלאָף דורך דער שיסעריי, איז זייער גוט. וועט מען פרעגן, וואָס איז

דאָס פּאַר אַ שיסעריי, און מען וועט זיך דערוויסן. דאָס האָט זיך פּוילן אויפגעכאַפּט פון איר שקלאַפנשלאָף. דאָס איז פּוילן גע־קומען צו זיך. דאָס איז פּוילן געקומען צו פרייהייט און מאַכט... און וועלן פּאַרשפּעטיקטע אויף־זייער צוזאַמענקומען זיך אויף דעם טויטנגאַנג צו דעם שטאָט־מאַרק, איז נאָך בעסער. דאָס וועט גראַד זיין נאָך זיין וואונטש. וואָס מערער זאָלן עס נאָר זיין. וואָס מערער.

אַ שאָד בלויז, וואָס די נאַכט איז אַזאַ פינסטערע. עס וואָלט גאַנץ גרויסאַרטיק געוועזן ביי פּולן לבנה־שיין, ווען דער מאַרק־פּלאַץ וואָלט באַדעקט געוועזן מיט מענטשן. מילא. דאָס דאַרף מען פאַרגעסן.

## .3

און אַזוי זײַנען פינף־און־דרײַסיק אידן אַרויסגעפירט געוואָרן אינמיטן דער פינסטערער נאַכט צו זייער טויט אויף דעם שטאָטמאַרק. אָן אַ משפט. נאָר ווייל די באַפרייטע פוילן האָט געוואָלט פוילן איר מאַכט. פינף־און־דרײַסיק אידן פון די בעסטע אין שטאָט און לאַנד. מיט אידייען און אידעאַלן און דעם חלום פון אַ בעסערער וועלט. אַוועקגענומען פון אַ פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט געדאַרפט ברײַנגען הילף צו הונגעריקע און עלנטע.

זיי האָבן געוואוסט, אַז מען פירט זיי צו זייער טויט, כאָטש מען האָט זיי קיין טויט־אורטייל נישט פאָרגעלייענט. די שפּעטע שעה האָט עס זיי שוין געזאָגט. און דאָס באַנעמען פון די אָפּיצערן מיט די סאָלדאַטן. אַזוי פײַנטלעך, אַזוי שאַרף, אַזוי תּליונ׳דיק.

זיי זײַנען קוים געגאַנגען. די פיס האָבן זיך געבויגן אונטער זיי: אָפּגעזאָגט זיך צו גיין. אַ חלשות־גאַנג, מיט ציטערדיקן האַרץ, אָן כּחות.

וואָלט כאָטש געווען העל און ליכטיק! אָך, יע, אויך זיי האָבן געוואָלט, עס זאָל זײַן העלער טאָג. דאַמאָלס וואָלטן זיי אַזוי חלוש׳דיק נישט געגאַנגען. דאַמאָלס וואָלטן זיי אפשר געגאַנגען מיט פעסטע שריט און אויפגעהויבענע קעפּ. אין דעם שטאָלצן באַוואוסטזײַין פון זייער אומשולדיקייט. זאָל די ליכטיקע זון, זאָל די גאַנצע וועלט זען, וואָס פאַר אַ פאַרברעכערישער מאָרד עס ווערט דאָ באַגאַנגען.

אָבער שטאַרבן אַ מיאוס׳ן טויט, אַוועקגעפּטר׳ט ווערן אין אַ דונקעלער נאַכט ערגעץ־וואו הינטער דער שטאָט אינמיטן פעלד —

זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז זיי ווערן געפירט צום שטאָט־מאַרק. ניין, אויך דאָס האָבן זיי נישט געוואוסט. שרעקלעך! — זייער באַהאַלטענער שטילער טויט וועט וועט קיינעם נישט אויפטרייסלען. אַן אומזיסטער טויט. וועט גאָרנישט אויפטאָן פאַר זייער פאָלק און דער גערעכטיקייט. אומזיסטע קרבנות, וועלכע וועלן קיינעם נישט אויסלייזן און נישט אָפּרייניקן. דערפאַר זיינען זיי געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, קוים שלעפּנדיק די פיס, מיט חלשות־געפיל.

אָבער די איבער צוויי־הונדערט פּוילישע סאָלדאַטן זיינען גע־גאַנגען מיט פעסטע שריט, קלאַפּנדיק שווער מיט זייערע שווערע שטיוול אויף דעם ברוק פון די גאַסן. פּאַן יאַנפּאָלסקי האָט זיי אַזוי געפירט. טראַמפּ, טראַמפּ... איינס צוויי, איינס צוויי... שווער געגאַנגען, רוישיק, קלאַפּנדיק, באַלויכטן פון פאַקלען.

האָבן זיך פענסטער געעפנט, קעפּ האָבן אַרויסגעקוקט, אויפ־געוועקטע פון שלאָף אָדער אָפּגעריסענע פון עפּעס אַ שפּעטער אַרבייט, פון קאָרטנשפּיל און אויך — פון חצות אָפּריכטן.

אַן אויפשרייען, אַ גערייִדעריי. פענסטער זיינען באַלויכטן געוואָרן, אויפגערעגטע מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן שנעל אָנ־צוטאָן. און באַלד איז מיט די סאָלדאַטן געגאַנגען אַ גרויסער טייל פון די איינוואוינער פון די גאַסן, וועלכע זיי זיינען דורכגע־גאַנגען אויפן וועג צו מאַרק־פּלאַץ. דאָס רוב — אידן. די שטאָט איז געווען אַ אידישע.

האָבן זיך די אידן געשפּאַרט צו די סאָלדאַטן. איינגעשטעלט מיט די אייגענע זייטן, ריזיקירט צו כאַפּן אַ קלאַפּ מיט אַ ביקס, און געשפּאַרט זיך צו די סאָלדאַטן. געוואָלט וויסן, וועמען מען פירט דאָ. כאָטש דאָס האַרץ האָט זיי שוין געזאָגט. אַך, יע! און זיי האָבן דערקענט. מען פירט אידן. אוי, וויי! אוי, וויי! אידן פירט מען!

באַלד האָט אימיצער דערקאָנט אימיצן. אַ נאָכלויפער אַ גע־פירטן. אַן אויפגעשריי, אַ יאָמער, אַ האַנט־ברעכעניש. די אַלע פינף־און־דרייסיק זיינען דערקענט געוואָרן. ווער האָט זיי רען נישט געקענט אין שטאָט? אָבער אויך גאַנץ נאָענטע קרובים האָבן זיך געפונען צווישן די נאָכלויפער. אַ פאָטער, אַ מוטער, ברידער, שוועסטער, אַ ווייב, אַ קינד, אַ כלה... און פון דעם גרויסן עולם

האָבן זיך אַ סך אָפּגעטיילט און זיינען אַוועקגעלאָפן אויפוועקן, אַנזאָגן, אויפהויבן אויף די פיס טאַטעס, מאַמעס, ווייבער, קינדער, ברידער, שוועסטער. און עס איז געוואָרן אַן אויפגעלאַף, מיט אַ געשריי, אַ געיאָמער, אַ קרעכצעניש. מען איז געלאָפן פון ביידע זייטן פון די געפּירטע, געגלאָצט מיט די אויגן אין דער פינסטערניש, אין וועלכער זיי האָבן זיך באַוועגט, און מען האָט געבראָכן די הענט, געצופּט זיך די האָר, און געקרעכצט: אוי! און אַי! דאָס אייביקע אידישע אוי! און אַי!

און די סאָלדאַטן זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם, רוישיק, מיט הילכיקן פוס־געקלאַפּ, מיט אַ גרויסער קעלט אין האַרצן, ביז אָפּ־שטופּנדיק די אידן און אידענעס, וועלכע האָבן זיך מיט קרעכצן און געיאָמער צו נאָענט צוגעשפּאַרט צו זיי און געשטערט זיי אין זייער גאַנג. און פאָראויס איז געגאַנגען פּאַן יאַנפּאָלסקי, שטאָלץ און ווירדיק. ניין, נישט מער דער פירער פון אַ ביינאַכטיקער רויבער־באַנדע, וועלכע מוז טאָן איהר אַרבייט אָן רעש, בגנבה, נאָר דער פירער פון פּוילישע סאָלדאַטן, וועלכע גייען טאָן דעם ווילן פון דער מוטער פּוילן, וועלכע איז פריי און זעלבסשטענדיק. אָה, אַ גלענצנדע דעמאָנסטראַציע פאַר אַ גרויסן רוישנדיקן עולם ביי דעם שיין פון אַ סך פּאַקלען.

אָבער אויך די פינף־און־דרייסיק אידן האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און זיינען אַ סך פעסטער געגאַנגען. ווירקלעך געגאַנגען פעסטער און מיט אויפגעהויבענע קעפּ. ווי זיי וואָלטן לעבן באַ־קומען. נישט, ווייל זיי זיינען אַזוי אויפגעמונטערט געוואָרן פון דעם געיאָמער און די הענט־ברעכעניש און דעם אָדערן־צופּנדיקן אוי! און אַי!.. אָבער זיי וועלן נישט געטויט ווערן, ווי הוימלאָזע קעץ און הינט, וועלכע די כאַפּער זאַמלען אויף אין גאַס. זיי וועלן נישט פאַרשווינדן בלא־יודעים, אַז אַ האָן וועט אפילו נישט אַ קריי טאָן. ניין, זייער טויט וועט איצטער אויפרוישן די וועלט. און אויפשווידערן זי. זיי וועלן זיין קרבנות, אָבער נישט אומזיסטע. פּוילן אין איר פאַר'שכורט'קייט מיט איר ניי־געוואונענער מאַכט ווייס נישט, וואָס זי טוט. דאָס פאַרברעכן, וואָס וועט דאָ באַלד באַגאַנגען ווערן, וועט זיך אָפּדריקן אויף איר, ווי אַ קין־צייכן. אויף אייביק.

די פינף־און־דרייסיק האָבן זיך נישט צונויפגערעדט, און קיי־נער פון זיי האָט די דאָזיקע געדאַנקען הויך נישט אַרויסגעזאָגט. אָבער זיי זיינען געלעגן אין אַלעמען. אין יעדן פון זיי. און פּלוצלונג — פעסטע שריט און אויפגעהויבענע קעפּ.

און אַזוי זיינען זיי אָנגעקומען צום שטאָט־מאַרק. די שטאָלצע פּוילישע סאָלדאַטן אונטער דער פירונג פון דעם שטאָלצן פּאַן וולאַס יאַנפּאָלסקי, און די נאָך שטאָלצערע פינף־און־דרייסיק אידן. אַלע מיט פעסטע שריט, ווי אין פּאַראַדע־מאַרש. נאָר די אידן, וועלכע האָבן באַגלייט די פירער און די געפירטע, האָבן אָנגעמאַכט אַ גרויסן רעש מיט זייער געיאָמער, און זייערע געשרייען, און זייער קרעכצן, שטופּנדיק זיך צו די סאָלדאַטן, שפּאַרנדיק זיך איינע איבער די אַנדערע, אויסשרייענדיק נעמען, ריידנדיק גאַנץ פאַרלאָרן און משונה׳דיק, ווי נאָר די פאַרצווייפלונג קאָן ריידן, און דער אומענדלעכער שרעק. און די ליבע — די ליבע אין דעם שרעק פאַרן טויט.

די באַגלייטנדיקע קריסטן האָבן דערפאַר געטראָגן אויף זייערע פּנים׳ער אַ גאַנץ פאַרעכטלעכע גרימאַסע. און עטלעכע האָבן אפילו נאָכגעמאַכט און נאָכגעקרימט די אידן.

## .4

דעם גאַנצן וועג האָט יאַנפּאָלסקי געטראַכט, וואו זאָל ער אויסשטעלן די פינף־און־דרייסיק אידן און דערשיסן זיי מיט איין זאַלפּ. דער מאַרק־פּלאַץ איז געוועזן זייער אַ גרויסער. די ברייטע גאַס, אויף וועלכער ער איז יעצט צוגעקומען צו אים מיט זיין קאָמאַנדע און די טויט־פּאַראורטיילטע, האָט צוטיילט דעם פּלאַץ אויף כמעט צוויי גלייכע טיילן. לינקס פון דער גאַס און די קאָנקומנדיקע, אין מזרח־זייט פון דעם פּלאַץ, איז געוועזן דער שטאָט־גאָרטן. דער בולוואַר. גרויס און ברייט. זיין מיטן פראָנט האָט פאַרנומען דער שטאָט־טעאַטער. אַ גרויס שטיינהויז, מיט זיין גאַנצער לענג אריינגערוקט ווייט אין גאָרטן. אין צפון־זייט, לינקס פון דער גאַס, צווישן אַ שורה קראָמען, דער פוילישער קאסטיאָל. אַ גרויע געביידע, וועלכע האָט זיך יעצט קוים אַרויסגעזען. אָבער אין דער דרום־זייט, רעכטס און אַנטקעגן די אָנקומנדיקע, האָט פון דער פינסטערניש אַרויסגעגרויט דער ווייסער רוסישער קלויסטער, מיט דער לאַנגער ווייסער וואַנט, הינטער וועלכער עס האָט זיך פאַרבאָרגן אין דער נויטיקער שטילקייט אַן אַלטער־אַלטער מאָנאַסטיר.

די פינף־און־דרייסיק מוזן נאַטירלעך צוגעשטעלט ווערן צו אַ וואַנט. אין אַ פעלד וואָלט ער זיי געלאָזן אַפריער אויסגראָבן זיך זייערע אייגענע קברים — אָדער אפשר וואָלט ער געלאָזן אַנדערע אידן אויסגראָבן זיי די קברים,—אויסגעשטעלט יעדן איינעם פון די פינף־און־דרייסיק פאַר זיין אייגענעם קבר און דערנאָך — שים! פאַרטיק. אָבער אין דער שטאָט מוז ער זיי צושטעלן צו אַ וואַנט. ווען ער וואָלט געוואָלט אָפּטאָן די זאַך שטילערהייט, וואָלט ער זיי צוגעשטעלט צו דער געמויערטער וואַנט פון אָסטראָג,

פון וואַנען ער האָט זיי יעצט צוגענומען. עק שטאָט. אָבער ער האָט געוואָלט דורכאויס אויף דעם שטאָט־מאַרק. פון פּוילנס ערלעכקייט וועגן. כדי מען זאָל וויסן. ביי וועלכער וואַנט זאָל ער זיי דאָ צושטעלן? צוויי וועגט קומען אין באַטראַכט. די הינטערשטע טעאַטער־וואַנט. אַ גרויסע, ברייטע. פינף־און־דרייסיק מענטשן וועלן זיך לייכט אויסשטעלן. אפילו ווען זיי וואָלטן געווען אַ סך דיקער, ווי די אידלעך. און אפילו ווען נישט האַרט איינער ביים אַנדערן. און דאַן די קלויסטער־וואַנט. אַ זייער לאַנגע און דיקע ווייס־געקאַלכטע וואַנט. אַ פעסטונג־וואַנט, הינטער וועלכער די מאָנאַכן האָבן געמוזט פאַרשליסן זייער יצר הרע, האהא. פאַן יאַנפּאָלסקי האָט צו זיך אַליין אָפּגעלאַכט איבער דעם וויץ.

יאָ, ביי דער קלויסטער־וואַנט. ער געדענקט נישט גענוי, נאָר אים דוכט, אַז אין גאָרטן פאַר דער טעאַטער־וואַנט, וועלן די סאָלדאַטן נישט האָבן גענוג פּלאַץ. בוימער וועלן שטערן. די בוימער וועלן אויך אַוועקנעמען ביים אָנגעלאָפענעם עולם דעם אויסקוק. און עס וועט ווידער אויסקומען, ווי באַהאַלטן זיך. אויסער דעם — די סכנה, אַז אַ פּאָר קוילן וועלן דורכשיסן די וואַנט און נאָך אָנמאַכן אַ שרפה אין טעאַטער. און דאָס טעאַטער איז אים זייער ליב. אין דעם טעאַטער שפּילט מען איצטער אויף פּויליש. פריער האָט מען אין אים געשפּילט אויף רוסיש. אָפט אויך אויף דעם פאַרפלוכטן אידישן זשאַרגאָן. עס וואָלט אפשר געווען גוט און פּאַסיק צו הייליקן דעם פּלאַץ מיט אידישן בלוט. דאָס וואָלט געווען אַ סימבאָל. אויף דעם בלוט פון זייער פייגט איז אויפגעריכט געוואָרן פּוילן און די פּוילישע שפּראַך. אָבער ער טאָר נישט ריזיקירן מיט דעם טעאַטער. עס קאָן אויסברעכן אַ שרפה, ווען אַ קויל וועט דורכשיסן די וואַנט און טרעפן אַ שטיקל דעקאָראַציע אָדער אין אַ שטיקל מעבל אָדער אין אַ ווייכן שטול פון פּאַרקעט. און אפשר וועט עס גאָר הייסן פּאַראומריייניקן אַ פּוילישן קונסט־טעמפּל מיט אידישן בלוט? ער וועט דאָך נישט צושטעלן די פינף־און־דרייסיק קרעציקע אידן צו דער וואַנט פון דעם קאָסטיאָל. גאָט באַהיט, דאָס וועט ער דאָך געוויס נישט טאָן. דאָס וואָלט געווים געהייסן פּאַראומריייניקן דעם קאָסטיאָל. דאַרף ער עס אויך ביים

טעאַטער נישט טאָן. קלאָר און איינפאַך. אויך ביים טעאַטער נישט. ניין, נישט ביים טעאַטער, אין וועלכן מען שפּילט איצטער אויף פּויליש.

בלייבט די וואַנט פון דעם רוסישן מאָנאַסטיר. די בעסטע זאַך. די גלייכסטע. פאַראומריייניקן די וואַנט פון דער קירך, וועל־כע האָט אַזוי לאַנג געטראָגן מיט אירע פּיס אַלע הייליקע גע־פילן פון דער מאַכטלאָזער פּוילן. און וועלן די קוילן דורכשיסן די וואַנט — — הלואי נאָר שיסן זיי זי דורך! דאָס איז זיין איניקסטער וואונטש. אַזוי וואָלט ער דורכגעשאָסן דאָס האַרץ פון רוסלאַנד.

די טריט פון דעם קאָמאַנדירנדיקן אָפיצער יאַנפּאָלסקי האָבן פאַרלאָרן דאָס ביסל אומזיכערקייט, וועלכע איז אין זיי געוועזן. איצטער האָט ער שוין געוואוסט, וואוהין ער גייט. און אַ פרייד האָט זיך אַריינגעגאָסן אין זיינע טריט. ווי אויסגעצייכנט, וואָס דער קלויסטער מיט זיין לאַנגער וואַנט שטייט גראַד אויפן מאַרק־פּלאַץ. עפּעס ווי פאַרבאַשטימט. גאָטס פינגער. ביי דער דאָזיקער וואַנט וועט ער אין אָט־דער פינסטערער נאַכט פאַרניכטן צוויי פיינט פון זיין פאָטערלאַנד. סימבאָליש, נאַטירלעך. און אַזוי וועט די וואַנט בלייבן שטיין אויף דורות — אַ סימבאָלישער אָנ־דענק פון דער פאַרניכטונג פון פּוילנס פיינט.

ווען ער איז אַרויף אויפן פּלאַץ, האָט ער דורכגעשטאָכן מיט זיינע אויגן די דיקע פינסטערניש פון דער נאַכט און אויפגעזוכט די ווייסלעכע קאָנטורן פון דער וואַנט, און זיין האַרץ איז געוועזן אָנגעפילט מיט גרויסן האַס.

## .5

אָנגעקומען. שטיין געבליבן. איצטער ווייסן אויך די פינף־און־דרייסיק, אַז דער מאַרק־פּלאַץ איז זייער לעצטער אָפּשטעל. ויחנו. דאָ. דאָ וועט עס געשען. און זיי ווייסן אויך, וואו. ביי דער קלויסטער־וואַנט. זיי קוקן אַריבער צו איר. און זייערע הערצער ווערן זיי שוואַך.

וולאַס יאַנפּאָלסקי קאָמאַנדירט. הונדערט סאָלדאַטן טיילן אָפּ דעם אָנגעלאָפענעם עולם, שטופּן אים ווייטער אין מאַרק אַריין, צום בולוואַר צו, און צו די אַרומיקע הייזער. מאַכן אַ קאָרדאָן. די איבריקע שטעלן אויס די פינף־און־דרייסיק ביי דער וואַנט. די גייען קוים, שעפּסן צו דער שחיטה. זיי ווערן מער געשטופּט. כל זמן זיי שטייען נישט ביי דער וואַנט, איז נאָך פאַראַן אַן אַנטרינען. ביי דער וואַנט איז נישטאָ שוין מער קיין אַנטרינען. אויס. גייען זיי נישט. ווערן זיי געשטופּט און געשלעפּט צו דער וואַנט. בלייכע, פאַרלאָרענע.

זיי ווילן נישט שטאַרבן. פאַרוואָס שטאַרבן? פאַרוואָס קומט זיי דערשאָסן צו ווערן? עס איז גוט, וואָס די דאָרטן הינטן, שרייען אַזוי, שפּאַלטן אַזוי דעם הימל. איז פאַראַן דאָרטן אויבן איינער, וואָס זעט און הערט? ניין, נישט אַלע פון זיי גלויבן אין אים. אָבער זיי אַלע גלויבן אין דער עפנטלעכער מיינונג פון דער וועלט, אין דער וועלט׳ס געוויסן. די שרייער און וויינער דאָרטן וועלן געוויס אויפוועקן דער וועלטס געוויסן. און דאָס וועט זיין גוט. עס איז גוט אויפצואוועקן דער וועלטס געוויסן. אָבער עס איז שווער צו שטאַרבן. אין אַ ווײַלע אַרום — אין אַ מינוט

שפּעטער — פאַרוואָס ?! פאַרוואָס זאָלן זיי דערשאָסן ווערן ? פאַר־וואָס זיי דער טויט ?

איינער פון די פינף־און־דרייסיק האָט אויסגעשריען מיט אַ משוגה'דיקן קול: עס קומט אים נישט! אַ צווייטער האָט אויס־געבראָכן אין אַ יאָמער. אַ דריטער איז געפאַלן אין חלשות. מען האָט אים געבראַכט צו זיך און אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט. משופּע'דיק, די הענט הייננגנדיק, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן. ווי אַ שיכור. אָדער ווי שוין אַ טויטער. נאָך עטלעכע האָבן זיך צו־שריען און געלאָזט זיך שלעפּן צו דער וואַנט. ענדלעך שטייען זיי אַלע. אַלע מיטן רוקן צו דער וואַנט. די אויגן, שווער פון טרערן, קוים אָפן. אָבער די אויערן נעמען נאָך אויף דעם געיאָמער פון די אידן הינטער דעם סאָלדאַטן־קאָרדאָן און די זידל־ווערטער פון די פּוילישע סאָלדאַטן.

און פּלוצלונג האָבן זיי זיך געפונען. אַלע פינף־און־דרייסיק. און זיינען געוואָרן רואיק. צו וואָס זיך נאַריש און לעבערלעך מאַכן אין העסלעכער שוואַכקייט? זיי זיינען אויסגעוויילט גע־וואָרן צום אייביקן קידוש השם. זיי מוזן שטאַרבן מיט ווירדע, שטאָלצע אידן.

ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט. יעדער האָט אָנגעקוקט זיין שכן פון רעכטס און זיין שכן פון לינקס, אַריינגעקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן ביים פּאַקל־שיין, און האָבן זיך פאַר־שטאַנען. שטיל געוואָרן. די קעפּ אויפגעהויבן. די טרערן איינגע־האַלטן. די פינף־און־דרייסיק, עלטערע און איננגערע און גאַנץ יונגע. אַלע דעם טויט־איבערגעגעבענע גרויע סילועטן ביי דער ווייסער קלויסטער־וואַנט. שטיל, רואיק, אָפּוואַרטנדיק דעם טויט אין דעם שטאָלצן באַוואוסטזיין פון דעם נאַציאָנאַלן טראַדיצי־אָנעלן קידוש השם — דער הייליגונג פון דעם נאָמען פון דעם אידישן פאָלק און זיין גאָט און זיין צוקונפט...

אָבער די דאָרטן הינטן האָבן געיאָמערט און געשריען און גע־רופן — געשפּאָלטן דעם הימל. געוועקט אימיצן, עפּעס... גוט אַזוי... גוט אַזוי...

## 6.

פּאַן יאַנפּאָלסקי איז זיך דורכגעגאַנגען הארט ביים קאָרדאָן, איידער ער האָט אָפּגעגעבן די לעצטע קאָמאַנדאָס. ער האָט גע־וואָלט אָנזען דעם יאָמער־עולם און געלאָזן זיך צוליכטן מיט עט־לעכע פאַקלען. נאָך אַמאָל אַזוינס וועט ער נישט אַזוי שנעל האָבן. ער איז געווען ערנסט. געזיכט און פיגור האָבן געטראָגן אויף זיך ווירדע און שטאָלץ פון דעם פּוילישן טריאומף.

די אידן הינטערן קארדאן האָבן אים באַגעגנט מיט וויי־גע־שרייען, מיט האַר־רייסעניש און הענט־ברעכעניש. מיט געבעטן און טענות. ער זאָל רחמנות האָבן! חניפה־ווערטער, הויכע טיטולן. דער פּאַן מוז זיך דערבאַרעמען. דער פּאַן מוז רחמנות האָבן! רחמנות! רחמנות!... יאַסנעוועלמאָזשני פּאַן!

אָבער פּאַן יאַנפּאָלסקי איז נאַטירלעך נישט גערירט געוואָרן. ניין. ווירדע און שטאָלץ פון דעם פּוילישן טריאומף איז גע־גאַנגען לאַנגזאַם, מיט רואיקע שריט, אין דער לייִנג פון דער קאָר־דאָן. יאַ־אַ־אַ, פּוילן איז אויפגעשטאַנען פון איר אַש און חורבן, פּוילן איז ווידער לעבעדיק געוואָרן, פּוילן האָט צוריק געוואונען איר פריי־הייט און זעלבשטענדיקייט און — מאַכט. די וויי־גע־שרייען און די פאַרצווייפלונג און דער שרעק זיינען אים געווען אַ טריאומף־פּאַלאַנעז. אין זיי האָט ער ערשט דערקענט, אַז זיין פאָטערלאַנד האָט ווידער באַקומען מאַכט. מאַכט! די הונדערט־יעריקע בייִנקעניש!...

פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין זיין גאַנג. פון הינ־טער צוויי סאָלדאַטן אין דעם קאָרדאָן האָבן צו אים אַרויפגעקוקט צוויי ברענענדיקע אויגן. פלאַמנדיקע, טרוקענע, אָן טרערן. ער

האָט זיך נענטער צוגעקוקט, צוגעבויגט די האַנט פון אַ סאָלדאַט מיט אַ פאַקל.

אַ אידישע מיידל. די האָר צושויבערט, ווייל זי איז אַרויסגעלאָפן פון מיטן שלאָף; קליידל און בלוזקע קוים אַרויפגעכאַפּט אויף זיך. די ציינער צוזאַמענגעהאַקט, די ליפּן פעסט צוזאַמענגעפּרעסט. ער האָט געקענט פילן, אַז אירע הענט, וועלכע ער האָט נישט געזען, זיינען געווען צונויפגעקרעמפּט אין פויסטן. און די אויגן, בייז און שטרענג, האָבן אים געברענט. פלאַמנדיקער שטאָל.

ער האָט אָנגערוקט דעם שטערן און געקוקט צוריק מיט אַ בייזן שטרענגען בליק. ער האָט איר שוין געוואָלט זאָגן, וואָס קוקט זי אַזוי. ווי דערוועגט זי זיך? אָבער דאָס וואָלט געווען עפּעס אונטער דער ווירדע. אונטער דער ווירדע פון דער פרייער פּוילן, וועלכע איז ווידער געקומען צו מאַכט. איז ער אַוועקגעגאַנגען ווייטער. אָבער ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט דעם בליק נישט געקענט אויסהאַלטן. דעם פלאַמען־בליק פון די ברענענדיקע אויגן פון דער אידישער מיידל, וועלכע האָט נישט געוואָלט וויינען. יאָ, ער האָט ביי זיך געוואוסט דעם אמת. ער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן איר בליק.

ווירדע און שטאָלץ פון פּוילן האָט זיך געפילט געקריינקט און באַליידיקט. ווי אימיצער וואָלט זי אַביסל אַראָפּגעזעצט. אַ מינוט האָט ער געטראַכט אומצוקערן זיך צוריק, אַרעסטירן די העזה־דיקע, נישט־ווירדיקע אידישקע און צושטעלן זי אויך צו דער וואַנט. אַ מינוט נאָר אַזוי אַ טראַכט געטאָן. אָבער ער האָט זיך נישט אומגעקערט, נישט אַרעסטירט. איינפאַך נישט געוואָלט צו טאָן האָבן מיט דער נישט־ווירדיקער. אָדער אפשר — מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן ווידער אין די ברענענדיקע אויגן? ניין, אין דעם וויל ער אפילו זיך אַליין נישט מודה זיין. אַ בייזער, אַן אומצופרידענער, רייסט ער איבער זיין גאַנג אין דער ליינג פון דעם קאָרדאָן און גייט אַוועק צו דער וואַנט און צו זיינע לעצטע קאָמאַנדאַס.

דער געשריי און דער געיאָמער הינטער אים האָבן זיך פאַרשטאַרקט. ער האָט עס געהערט. אָבער ער האָט נישט מער הנאה געהאַט. ער האָט פשוט געפילט אויף זיין רוקן די צוויי ברענענדיקע אויגן פון דער אידישער מיידל, וועלכע האָט נישט געוואָלט וויינען.

## .7

ביי דער וואַנט זיינען געשטאַנען די פינף־און־דרייסיק. גרויע סילועטן אונטער דעם ווינט־געבייטשטן פּאַקלשיין. רואיקע. גע־פּאַסטע. שטאָלצע אידן. קידוש־השמ'ניקעס. אָבער די צייט איז זיי געוואָרן לאַנג. פאַרוואָס גדרויערט עס? וואָס וואַרט מען?

זיי ריידן נישט צווישן זיך. וואָס האָבן זיי זיך צו זאָגן? זיי וואָלטן אפשר געוואָלט וויסן, וואָס טראַכט יעדער איינער פון זיי וועגן אַ מינוט שפּעטער. נאָך דעם שאָס. וואָס וועט יעמאָלט זיין? נאָר עטליכע פון זיי גלויבן אין אַ דאָרטן, אַ יענער וועלט. אָבער אויך די אַנדערע וואָלטן געוואָלט וויסן. אויך די נישט־גלויביקע. ווי וועט עס טאַקע זיין אַ מינוט שפּעטער, נאָך דעם שאָס? דאָך זיי ריידן נישט צו זיך. קיינער זאָגט גאָרנישט.

אָבער יענע דאָרטן, אויף יענער זייט קאָרדאָן, די שרייער און וויינער, האָט מען יאָ עפּעס געדאַרפט זאָגן. אַן אָפּשיידס־וואָרט. אַ שטאַרק וואָרט. דאָס פילן זיי אַלע. גלייכצייטיק. ווי צונויפגערעדט זיך. שטום אָוועקגיין דאַרפן זיי נישט. מען מוז לאָזן אַ צוואה.

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט. ווער וועט זיין דער זאָגער? און אַלע קעפּ האָבן זיך געדרייט צו איינעם. אַ באַרימטער רעדנער. נאָך גאָר אַ יונגער מענטש. און ער איז געשטאַנען און געקוקט פאַר זיך אין דער פינסטערניש מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. אין זיין קאָפּ האָט ער געהאַלטן אַ לאַנגע, שטורמדיקע רעדע, וואָס זאָל אויפציטערן די וועלט, אויפטרייסלען איר געוויסן.

פלוצלונג ווערט אַ באַוועגונג צווישן די סאָלדאַטן. פאַן יאַנ־פּאָלסקי איז אַרויס אין פאָראויס. קאָמאַנדע. הונדערט־און־פופציק סאָלדאַטן שטעלן זיך אויס. אין פיר שורות. נאָר עט־לעכע שריט פון די טויט־פאַראורטיילטע. קאָמאַנדע. די ביקסן ווערן אויפגעהויבן, אָנגעשטעלט, געצילט.

די פאַראורטיילטע וויסן יעצט. געקומען דער סוף. עטלעכע הויבן אָן צו ציטערן אין אַלע אברים. עס וואַרפט זיי אַ צאָן אָן אַ צאָן. עטלעכע האַלטן נישט אויס און צעוויינען זיך. ווער — הויך אויפן קול, ווער — שטיל, נאָר די טרערן רינען, רינען. שווער צו שיידן זיך מיטן לעבן. דער רעדנער שרייט פלוצלונג

אויף. הויך, שטאַרק, מיט מעכטיקער שטים, וועלכע דאַרף אַרי־בערשרייען די ווינער און אויפשווידערן די געשפּאַנטקייט, וועלכע הערשט ווייט אַרום:

„מיר זיינען אומשולדיק! אַ פאַרברעכן ווערט דאָ באַגאַנגען! אַ פאַרברעכן, פון וועלכן פוילן וועט זיך נישט..."

קאָמאַנדאַ. אַ זאַלפּ פון הונדערט־און־פופציק ביקסן. אַן אויפקרעכץ פון אַ טויט־שמערץ פון פינף־און־דרייסיק דערשאָ־סענע איינפאַכע אידן, וועלכע זיינען אין דעם מאָמענט געוואָרן העלדן און קדושים. אַ פאַרצווייפלונגס־געשריי פון דעם עולם הינטער דעם קאָרדאָן. דער געיאָמער פון אַ גרויסן בראָך.

קאָמאַנדאָ. און די פּוילישע סאָלדאַטן טרעטן־צו צו די גע־פאַלענע, די טויטע. קוקן זיך צו, צי איז נישטאָ אין וועמען נאָך אַ פונק לעבן. ניין, גוט געשאָסן. קיינער לעבט נישט. אָבער די קלויסטער־וואַנט האָט געקראָגן אַ סך לעכער. און פּאַן יאַנ־פּאָלסקי איז זייער צופרידן. גראָד ווי געוואונטשן. אָבער ער דערמאָנט זיך עפּעס, און קאָמאַנדירט אויס, מען זאָל צוטרייבן דעם עולם. האָט ער נאָך געדענקט די צוויי ברענענדיקע אויגן פון דער אידישער מיידל? אָה, יע, גאַנץ מערקווירדיק. ער האָט זיי געפילט ביי זיך אין רוקן. זיי האָבן אים איינפאַך געברענט.

דער קאָרדאָן נעמט זיך צו צוטרייבן דעם עולם. די שרייער און ווינער ווילן נישט אוועקגיין, אָבער די סאָלדאַטן געברויכן די פּריקלאַדן פון די ביקסן און זייערע פויסטן. זיי צוטרייבן דעם עולם.

איצטער איז בעסער. איצטער פילט זיך פּאַן יאַנפּאָלסקי באַרואיקט, און ער גיט אַרויס זיינע ווייטערע קאָמאַנדאָס. וואָס מען זאָל טאָן מיט די הרוגים. צום סוף גיט ער איבער זיין קאָ־מאַנדאַ צו אַן אינגערן אָפיצער, און ער אַליין פאַרשווינדט מיט נאָך אַן אָפיצער אין נאַכט און דונקלקייט.

ער גייט שווייגנדיק. האָט נישט קיין לוסט צו ריידן. פיליכט, ווייל ער איז אביסל מיד און אָפּגעשפּאַנט. אָבער מער, ווייל ער איז איבערגעפילט פון שטאָלץ. פּוילן, זיין פּוילן, איז געקומען צו מאַכט, און ער איז געוועזן דער העראָלד, דער אָנזאָגער.

ער האָט געענדיקט די נאַכט מיט ווייַן.

## 8.

ווי די אידן פון דער שטאָדט האָבן געענדיקט די נאַכט? ...

נו, יאַ... מען האָט קוים דערלעבט, עס זאָל ווערן טאָג, און מען האָט אָנגעהויבן צו שיטן צו דער וואַנט. נאַטירלעך, מען האָט געהאַט אין קאָפּ די גרויסע לויה. פינף־און־דרייסיק מיטות, פינף־און־דרייסיק קבורות. אָבער מען איז געלאָפן צו דעם אָרט, וואו זיי זיינען געפאַלן, די העלדן, די קדושים.

עטלעכע מאָנאַכן האָבן זיך דאָרטן אַרומגעדרייט. בייזע, אומצופרידענע. די וואַנט איז געווען דורכגעלעכערט ווי אַ זיפּ. די וואַנט פון אַ היילינגן קלויסטער. זיי האָבן געבורטשעט. געוויס נישט געבענשט פוילן און די פּאָליאַקן. אָבער אויך אויף די אידן האָבן זיי געקוקט קרום און כעס'דיק. ווען עס וואָלט נישט גע־ווען וועמען צו דערשיסן, וואָלטן דאָ די לעבער נישט געוועזן. דאָך די אידן האָבן זיך נישט געלאָזט שטערן פון די מאָנאַכן. יונג און אַלט, מענער און פרויען, זיינען זיי דאָ אַרומגעגאַנגען אין ביטערן געוויין. און אַ סך זיינען צוגעפאַלן צו דער וואַנט, דער עיקר איבער די לעכער און די בלוט־פלעקן. און געוואַשן זי מיט זייערע טרערן. און געקושט זי. אידן די וואַנט פון אַ קלויסטער.

אָך, יאָ... זיי האָבן זיך מער נישט געקענט מיט איר צו־שיידן, מיט דער קלויסטער־וואַנט. פריער פלעגן זיי פאַרבייגיין פאַרביי איר מיט אַ געוויסער אומרואיקייט אין זיך. אייגנטלעך וואָס? אַ דיקע, וויים־געקאַלכטע מויער־וואַנט, הינטער וועלכער עס האָט זיך באַהאַלטן פון דער וועלט אַ מאָנאַסטיר מיט רוסישע מאָנאַכן. אָבער די גרויסע שטילקייט, די געהיימניספולקייט... און דער עיקר, די אידן־פיינטלעכקייט, די רשעות, וועלכע די אידן

האָבן געשפּירט, ווי זי וואָלט אַריבערגעקוקט צו זיי פון דאָרטן, פון דער גרויסער שטילקייט, מיט טויזנטער האָס־אויגן. דאָס האָט אָנגעפילט די אידן מיט אַ ציטער. און גלאַט אַזאַ לאַנגע, לאַנגע טומאה־וואַנט. זיי פלעגן פאַרבייגיין שנעל. ניט קוקן צו איר און אַריבער איר. שנעל, שנעל, שנעל. געטריבן פון דער אומרואיקייט. אָבער פון איצט אָן האָבן זיי זיך מער נישט געקענט צושיידן מיט דער וואַנט. זיי זיינען געוואָרן מיט איר נאָענטע מחותנים. בלוט־מחותנים.

אויך פאַן וולאַס יאַנפּאָלסקי איז עטלעכע מאָל צוגעפאָרן צו דער וואַנט. צום ערשטן מאָל אויף מאָרגן נאָך דער הריגה. ער האָט געוואָלט זען ביי זונשיין, ווי די וואַנט זעט אויס. און עס האָט אים הנאה געטאָן. אַ טריאומף־שמייכל האָט זיך צוגאָסן איבער זיין אויבערשטער ליפּ אונטער די דיקע וואָנצעס. ער איז אויך אַריין אין דעם מאָנאַסטיר־הויף. נאָכגעקוקט, ווי ווייט די קוילן זיינען דערפלויגן. נאָכגעפרעגט זיך ביי עטלעכע מאָנאַכן, וואו זיינען זיי געוועזן ביי דער שיסעריי. האָבן זיי זי געהערט? וואָס האָבן זיי געפילט בשעת מעשה? ער האָט זיך צולאַכט, ווען איינער פון די מאָנאַכן האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט געמיינט, מען אַטאַקירט דעם מאָנאַסטיר. האַ־האַ־האַ! ... דאָס איז אָבער אַ קאָלאָסאַלער שפּאַס. ער האָט געלאָזן דעם מאָנאַך איבער׳חזר׳ן עס אַ פּאָר מאָל. געמיינט, מען אַטאַקירט דעם מאָנאַסטיר! האַ־האַ־האַ ... ווער אַטאַקירט? די באָלשעוויקעס, ימח שמם! ניין, דאָס מעג זיך דאָס פּאָטערל אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, דאַרף נישט מורא האָבן. נישטאָ קיין באָלשעוויקעס. דאָ הערשט איצטער פּוילן! פאַרשטייט ער? פּוילן הערשט דאָ. פּוילן הערשט און וועט הערשן! די באַפרייטע און פרייע פּוילן. די פון איר אַש אויפגעשטאַנענע פּוילן. דאָ דאַרף ער פאַר די באָלשעוויקעס גאָר נישט מורא האָבן. די לעבער אָט־דאָ אין וואַנט וועלן זיין אַ גוטע וואָרנונג ... וואָס פּוילן האָט געטאָן מיט די פינף־און־דרייסיק, וועט פּוילן טאָן מיט אַלע איבעריקע. פּוילן, וועלכע איז געקומען צו איר מאַכט.

ער איז אַוועק פון מאָנאַסטיר אַ שטאָלצער, אַ דערהויבענער. און ווען ער האָט געזען ביי דער וואַנט די פּילע אידן, די וויינענ־

דיקע און טעגענדיקע, האָט ער נאָר געקענט גליקלעך לאַכן. אָבער ער האָט אָפּגעהאַקט זיין לאַכן און אָנגערוקט אַרומגעקוקט זיך מיט זוכנדיקע אויגן. ער האָט זיך דערמאָנט אויף דער אידישער מיידל מיט די פלאַמן־בליקן אין אירע אויגן, וועלכע האָבן נישט געוויינט.

און אַזוי יעדעס מאָל. ווען ער איז נאָר צוגעפאָרן צו דער וואַנט — דעם עדות פון פוילנס מאַכט, — האָט ער געמוזט טראַכטן וועגן דער אידישער מיידל מיט די ברענענדיקע אויגן. ער האָט זיך שטענדיק געריכט, אַז ער וועט זי דאָרטן אָנטרעפן, און פלעגט מאַכן אַ שטרענגע אָנגערוקטע מינע. אָבער ער האָט זי נישט אָנגעטראָפן, כאָטש דאָרטן זיינען שטענדיק געווען אַ סך אידן.

אַ סך אידן, מאַסן אידן. ווייל נישט נאָר די אידן פון דער שטאָט, און זיי זיינען געווען גרויס אין צאָל, נאָר אויך אידן פון נאָענט און ווייט, ווען עס האָט זיך זיי געמאַכט דורכצופאָרן די שטאָט, האָבן געמוזט באַזוכן די וואַנט און אָנקוקן זי מיט טרויער־אויגן, מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, פאַר'אבל'ט און פאַרצאָגט. און אויך אָנרירן זי, ווי מען רירט אָן צום לעצטן מאָל אַ טויטן פריינד. און אָפט מאָל אויך צודריקן זיך צו איר מיטן הייסן שטערן און באַנעצן זי מיט טרערן, און אויך קושן זי. אַך, יאָ...

די וואַנט האָט אויפגעהערט צו הייסן די מאָנאַסטיר־וואַנט אָדער די קלויסטער־וואַנט. נאָר בלויז: די וואַנט. זי האָט מער נישט געהערט צו דעם מאָנאַסטיר, נאָר צו די אידן. פאַר'קרובה'ט דורך דאָס פאַרגאָסענע אידישע בלוט. אַ לייבלעכע באַציאונג געוואָרן. און האָבן אידן פון איר גערעדט, האָבן זיי צוגעגעבן צו איר ליינג און צוגעגעבן צו איר הויך. אַ מערקווירדיקע וואַנט. אַ ריזן־וואַנט. אַ וואונדער־וואַנט. די וואַנט. זייער וואַנט.

און דאָן איז געקומען דער זייער הייסער זומער. דער זומער פון גרויסע שרפות. און די שטאָט האָט אָפּגעברענט. מען ווייס נישט, וואו די שרפה האָט זיך אָנגעהויבן. מיט אַמאָל האָט עס אָנגעהויבן צו ברענען ביי די זייטן, און אין מיטן. אומעטום. ווי אַ פייער וואָלט אַראָפּ פון הימל און אַלץ אָנגעצונדן. די באַמיאונגען פון די פייערלייט זיינען געווען גאַנץ אומזיסט. דאָס פייער האָט גענומען די אויבערהאַנט. ער האָט אויפגעהערט, ווען עס איז נישט געווען מער וואָס צו פאַרברענען. אַלץ האָט ער אויפגעגעסן. גאָרנישט האָט נישט געקענט ביישטיין פאַר זיין קראַפט. נישט בלויז די הילצערנע געביידעס, נאָר אויך די שטייּנערנע מויערן. און ער האָט אויך פאַר קיינעם קיין דרך ארץ נישט געהאַט און קיינעם נישט געשאַנעוועט, אָרים און רייך, איד און קריסט. אָפּגעברענט אַלע שולן — איינע פון זיי אַ זייער, זייער אַלטע ; געקענט דערציילן פון הונדערטער און הונדערטער יאָרן פון דעם אידישן לעבן אין דער דאָזיקער שטאָט. אַוועק מיטן פייער דער פוילישער קאַסטיאָל, און דער שטאָט־טעאַטער — זיין הויכע הינטערשטע וואַנט, וועלכע איז געשאַנעוועט געוואָרן פון אַ שיסעריי איינמאָל אין אַ פינסטערער נאַכט, איז איינגעפאַלן מיט אַ ריזיקן קראַך. אויך פון דעם רוסישן קלויסטער מיט דעם מאָנאַסטיר איז נאָר געבליבן אַ הויפן שטיינער. אָבער — —

די וואַנט!

די וואַנט איז געבליבן!

דאָס פייער האָט געאַרבייט אויף איר זייער שווער. ער איז אויף איר אָנגעפאַלן פון אַלע זייטן. דורכגענאַנגען זי איבער דער גאַנצער לייגג פון אויבן, באַלעקט זי אין איר גאַנצער לייגג פון אונטן, געוואָרפן זיך אויף איר מיט זיינע פלאַמען־שפּיזן פון פאָרנט און פון הינטן. און אָט האָט ער אַנטדעקט די פילע לעכער, וועלכע די קוילן האָבן אין איהר געמאַכט אין דער פינצטערער נאַכט. העי, האָ, דאָס איז אָבער אַ גליק! איצטער וועט ער זי קענען בייקומען. ער האָט אַריינגעשטעקט זיינע פלאַמענצונגען אין די לעכער — איצטער האָט ער אַ גוטן אָנהאַלט. איצטער וועט ער זי צורייסן אויף שטיקער. מער און מער האָט ער אריבערגעשיקט זיינע שטראָמען פון דעם אין פלאַמען שטייענדיקן מאָנאַסטיר און פון ווי די ליכט ברענענדיקע

אַרומיקע הילצערנע געביידעס, דורכגעדרונגען די קוילנלעכער מיט פלאַמנשפּיזן, וועלכע האָבן זיך דאַן פאַרבויגן און געעגבערט זיך אין דער וואַנט. אָבער די אַלע אַטאַקעס זיינען געווען אומזיסט. אין הויפן ליגן דער מאָנאַסטיר און דער קלויסטער, פון די אַרומיקע געביידעס איז געבליבן נאָר אַש און קויל. די וואַנט איז געבליבן. פאַררויכערט, שוואַרץ, אָבער גאַנץ, אומבאַרירט. דאָס פייער איז געווען צו שוואַך פאַר איר. אָדער ווי עפּעס וואָלט אים געלאָשן. פיליכט די בלוט־פלעקן פון די פינף־און־דרייסיק קדושים.

די גאַנצע באַפעלקערונג איז געלאָפן אויף דעם וואונדער. די גרויסע שרפה־קאַטאַסטראָפע האָט נאַטירלעך אַלעמען נידערגעשלאָגן. מען איז געבליבן היימלאָז, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאַקעט און הויל, און אָן מיטלען אַ טאָג איבערצולעבן. מען איז אַרומגעגאַנגען אַרום די חורבות פון די נעכטיקע היימען גאַנץ פאַרצווייפלט און מוטלאָז. אָבער פּלוצלונג ווערט מען געוואָר, אַז די וואַנט איז געבליבן גאַנץ. און מענטשן הויבן אויף די קעפּ. עפּעס צינדט זיך אָן אין זיי. אַ פאַרוואונדערונג, אַ דערשטוינונג, אַ נייגעריקייט. אויגן פלאַקערן אויף. ווירקלעך? די וואַנט? יאַ, ווירקלעך. די וואַנט. גאַנץ און אומבאַרירט. זי אַליין פון אַלץ, וואָס איז געווען געבויט און געמויערט אין שטאָט. און מענטשן רייסן זיך אָפּ פון די אַש און קוילן פון זייערע היימען און לויפן צו דער וואַנט. מען טרעט נענטער צו איר צו. מען באַטאַפּט זי. מען באַטראַכט די לעכער. מען זוכט די בלוט־פלעקן. מען ווייס גענוי, וואו זיי זיינען געווען. דאַרף מען עס גאָר ווייסן און געדענקען? מען זעט זיי דאָך גענוי! אָט זיינען זיי, די בלוט־פלעקן פון די הייליקע מאַרטירער. פאַרסמאַליעט אַביסל, אָבער נישט אויסגעברענט. אויך זיי זיינען געבליבן! די בלוט־פלעקן, וועלכע האָבן דאָס פייער געלאָשן און די וואַנט באַשיצט...

איד און קריסט זיינען געשטאַנען פאַר דער וואַנט און געשטוינט. קריסטן האָבן זיך איבערגע'צלמ'ט און זיינען ערנסט געוואָרן, אָבער אידישע אויגן האָבן געפלאַקערט. דאָס איז זייער וואונדער. זייער וואַנט איז געבליבן. דאָס פייער האָט נישט געקענט בייקומען זייער וואַנט. כדי זי זאָל בלייבן שטיין — צום אייביקן אָנדענק פון דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם אידישן בלוט.

## .10

אויך וואָס יאַנפּאָלסקי האָט דערהערט פון דעם וואונדער און איז אַראָפּגעקומען עס אָנזען זיך. פון אַלע געביידעס אין דער הערשאַפט פון דעם פייער איז געבליבן אַליין די מאָנאַסטיר־וואַנט. דאָס האָט ער זיך געמוזט אָנזען. און ער איז געקומען און האָט זיך אָנגעזען און איז געווען זייער צופרידן. די דערמאָנונג און וואָרנונג איז געבליבן גאַנץ. דער אָנדענק פון דעם, אַז פוילן איז ווידער געקומען צו איר מאַכט. אָבער פאַרוואָס ליכטן אַזוי אי־דישע אויגן?

און פּלוצלונג האָט ער דערפילט אַ ברען אויף זיין רוקן. ער האָט זיך האַסטיק אומגעדרייט. ער האָט דערקענט די מיידל מיט די ברענענדיקע אויגן. זי האָט אויף אים געקוקט מיט אירע פלאַ־מען. שטרענג און בייז, אָבער אויך ווי אַ טריאומפאַטאָרין, ווי אַ זיגערין. און ווידער די ציינער צוזאַמענגעהאַקט, די ליפן פעסט צונויפגעפּרעסט, און די הענט טאַקע אין פויסטן. ער האָט זיך אָנגעצונדן. די העזה פון אַ נישטווירדיקער אידישקע! וואָס קוקט זי אַזוי אויף אים? ווי דערוועגט זי זיך?

ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צו דער מיידל. שטרענג, בעס׳דיק. זי איז געשטאַנען רואיק און האָט איר בליק נישט גע־ביטן, ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אים. ער איז שטיין געבליבן און האַסטיק אומגעקוקט זיך אויף די אַרומיקע אידן.

אים איז מיט אַמאָל קלאָר געוואָרן. איצטער ווייס ער, פאַר־וואָס ער ליכטן אַזוי די אידישע אויגן. דאָס איז זייער וואונדער. די וואַנט איז געבליבן צו פאַראייביקן אַ פאַרברעכן, וואָס פוילן איז באַגאַנגען קעגן זיי. די מיידל ברענט אים מיט די אויגן, ווי

א טריאומפּאַטאָרין, ווייל די וואַנט איז פּוילנס אייביקע שאַנד. פּוילנס אייביקע שאַנד! אה! אויך די קריסטן, וועלכע דרייען זיך דאָ אַרום, באַטראַכטן די וואַנט, קענטיק, אַלס אַ אידיש וואונדער. זיי גייען אַרום אַזוי פאַרשעמט צווישן די אידן. פאַר־פלוכט! ער וועט זיי מוזן אויפקלערן, אַז דאָס איז אַ פּויליש וואונדער. די וואַנט איז געבליבן אויף אָנצוזאָגן אויף אייביק די גרויסקייט פון פּוילן, וועלכע איז געקומען צו איהר מאַכט!

אָבער ער איז גלייך אַוועקגעפאָרן. ער האָט די בליקן פון דער מיידל נישט געקענט פאַרטראָגן און דאָס לייכטן פון די אידישע אויגן. און וועדליק זיין האַרץ האָט אין אים געקאָכט, איז אים דאָך אָן אומרו באַפאַלן. די ניים וועגן דער איבערגעבליבענער וואַנט האָט זיך שוין מסתמא פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. די אידן האָבן זי געוויס פאַרשפּרייט. אַלס זייער וואונדער. אַלס אַ צייכן פון זייער גאָט. געראַטעוועט געוואָרן די וואַנט, צו וועלכער פינף־און־דרייסיק אידן זיינען צוגעשטעלט און דערשאָסן געוואָרן. די וואַנט איז שטיין געבליבן אַלס אָנדענק פון אַ שווערן פאַרברעכן פון פּוילנס בייזן ווילן צו מאַכט. דאָס האָבן געזאָגט דער מיידלס פלאַמענאויגן. דאָס האָבן אויף זיך געטראָגן די גע־זיכטער פון די איבעריקע אידן. און אַזוי וועלן זיי עס פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט. איבער דער גאַנצער וועלט!... און זייערע זשורנאַליסטן שרייבן שוין מסתמא לאַנגע אַרטיקלען, און זייערע פּעליטאָניסטן וויצלען זיך איבער פּוילנס פאַרברעכן, איבער פּוילנס שאַנד...

אָה, די אידן!... זיי קענען קיינמאָל נישט אויפהויבן זיך איבער זיך אַליין. דאָס געמיינע פּאַראַזיטן־פּאָלק! דאָס פּאַקטאָר־לעך־פּאָלק!

פּוילנס פאַרברעכן! פּוילנס שאַנד! פּוילן האָט געמוזט באַ־ווייזן, אַז זי איז געקומען צו מאַכט. די אידעלעך קענען עס נישט באַגרייפן, און זיי שרייען, און זיי קוויטשן... פוי!...

ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט ער זיך גענומען צום ווייַן. און שטאַרק.

ער האָט געוואָלט פאַרגעסן די וואַנט.

## .11

דאָך די מיידל מיט די פייער־אויגן, וועלכע האָט נישט גע־וואָלט וויינען, האָט לאַנג געברענט דעם אוועקפּאַרנדיקן אָפּיצער מיט אירע פלאַמען. ביז ער איז פאַרשוואונדן. דערנאָך האָט זי זיך צוגעשטעלט צו דער וואַנט און מיט הויכער שטים געווענדט זיך צו די אידן.

„ברידער, די וואַנט האָט דעם פּאַן געזאָלט זיין אַן עדות פון פוילנס ניי־געוואונענער מאַכט, אונז איז זי אַן עדות פון אַ בלוטיקן אומרעכט. אָבער זי איז אונז נאָך עפּעס אַנדערש. זי איז אונז דער עדות פון אונזער מאַכטלאָזיקייט, פון אונזער הפקר־צושטאַנד. דאָס וואונדער, וואָס איז געשען מיט דער וואַנט, וועט פאַראייביקן דאָס אומרעכט. פאַראייביקט אָבער אויך דעם צייכן פון אונזער מאַכטלאָזיקייט. איר שרייט און יאָמערט און קרעכצט, אום אויפצוטרייסלען דער וועלטס געוויסן קעגן דעם בלוטיקן אומרעכט. אָבער וואָס גייט איר טאָן, אום זיך אַליין אויפצוטרייסלען קעגן אונזער הפקר־צושטאַנד און אונזער מאַכטלאָזיקייט?"

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַרומגעקוקט זיך. געוואָרט אויף אַן ענטפער.

אָבער יעמאָלט האָבן זיך די אידן דערמאָנט, אַז זיי זיינען נשרפים. היימלאָז און ברויטלאָז. זיינען זיי זיך צולאָפן יעדער צו זיין אַש און קויל, צו זיין אייגענער נויט און זיין אייגענעם פּעקל צרות.

1 9 2 1

# אינהאַלט